# די ליכט־שטראַהלען פון תלמוד

—— ענטהאַלט: ——

די עטהיק, רעליגיע,
מאָראַל, פילאָזאָפיע,
היסטאָריע און
פּאָעזיע פון תלמוד.

געזאמעלט און איבערזעצט פון

**אברהם מ. סאַבאַטה.**

1925

אברהם מ. סאבאטה.

# די ליכט־שטראַהלען פון תלמוד.

The Light-Rays of The Talmud

## אין צוויי טייל.

ענטהאַלט אַלע מאמרים פון תלמוד איבער רע־ליגיאָן, עטיק, מאָראַל, פילאָזאָפיע, היסטאָריע און פּאָעזיע.

אין די ליכט־שטראַהלען פון תלמוד קומען אַריין די געקליבענסטע פּערל פון תלמוד, די ערהאַבענסטע געדאַנקען, די שעהנסטע ערצעהלונגען, פּאָעזיע און היסטאָריע.

די ליכט־שטראַהלען פון תלמוד ערשיינען מיט דער הסכמה פון גרויסע אידישע געלעהרטע, רבנים און גאונים.

אונטער יעדען מאמר און ערצעהלונג איז פאַר־צייכענט די מסכת און דף וואו צו געפינען דאָס אין תלמוד.

אין די ליכט־שטראַהלען פון תלמוד קומען אויך אַריין אייניגע דרשות און ערקלעהרונגען אויף פילע אגדות פון א. מ. ס.

# אינהאַלט

# איינלייטונג.

„די ליכט שטראהלען פון תלמוד" ענטהאלט א זאמלונג פון אלע מאמרים אין תלמוד איבער רעליגיע, עטהיק, מאראל, פילאזאפישע געדאנקען, פאעזיע און היסטאריע.

דער תלמוד בעשטעהט פון הלכה און אגדה. די משנה און דער גרעסטער טהייל פון די גמרא, איז הלכה; אבער אויך די אגדות פערנעמען א גרויסען טהייל פון תלמוד, און זענען א רייכער קוואל פון לעגענדען, פאלקלאר, ערהאבענע געדאנקען, פאעזיע און היסטאריע.

אין אלע צייטען פון דער אידישער היסטאריע, איז דער תלמוד געווען דער קוואל פון אידישען גייסט, ארום וועלכען דער איד האט קאנצענטרירט זיין לעבען און שאפען, און זיין געשיכטע איז אזוי ווי די געשיכטע פון אידישען פאלק. דער תלמוד איז פערפאלגט און בעקעמפט געווארען פון די שונאים פון אידישען פאלק, אין אלע צייטען.

צוזאמען מיט די קדושים, האבען אונזערע שונאים אויך די ספרים פון תלמוד פערברענט. אבער נאך די אלע רדיפות און אינקוויזיציעס אין אלע צייטען און דורות, איז דער תלמוד דאך געבליבען גאנץ און עקזיסטירט.

„די חכמי התלמוד זענען די נאכפאלגער פון די נביאים און די נביאישע אידעאלען, אויך זיי, האבען, אזוי ווי די נביאים, געמאכט פון רעליגיע און לעבען איין גאנצעס. דער גייסט פון תלמוד איז צו הארמאניזירען דאס טעגליכע לעבען מיט דעם העכערען רוף פון גייסטיגע מאמענטען", „וכל מעשיך יהיו לשם שמים", — זאלען אלע דיינע האנדלונגען זיין פאר גאט, דאס איז דער דעוויז פון די תלמודיסטען. און דערפאר זעהען מיר אז דער אמת עהרליכער איד איז אויך א גוטער און עהרליכער מענש, ווייל דאס ערשטע קען ניט זיין אהן דעם צווייטען.

„צדקה, גערעכטיגקייט, אמת און שלום זיינען דער יסוד פון דער וועלט", זאָגט דער תלמוד.

די ערהאַבענסטע געדאנקען וועגען צדקה, געפינען מיר אין דיעזע ערצעהלונגען פון די תנאים:

„מונבז", איינער פון די אראַבישע קעניגען, דערצעהלען אונז די חכמי התלמוד, האָט זיך מגייר געווען, און בעגרייפענ־דיג דעם אמת'ן זין פון יודענטהום, האָט ער איינמאָל אין א הונגער יאָהר אַלע זיינע אוצרות אָרימע מענשען צוטיילט. דאן זענען צו איהם געקומען זיינע ברידער, פריינד און קרובים און האָבען איהם מוסר געזאָגט: „דיינע עלטערן האָבען אוצרות גע־זאמעלט און דו צושליידערסט זיי".

האָט ער זיי געענטפערט: „מיינע עלטערן האָבען אוצרות אויף דער ערד געזאַמעלט, אָבער איך האָב געזאַמעלט אוצרות אין די הויכע און ווייטע וועלטען. מיינע עלטערען האָבען בע־האַלטען דאָרט וואו הענד קענען דאָס אַוועקנעמען, אָבער איך האָב בעהאַלטען דאָרט וואו הענד קענען דאָס ניט אַוועקנעמען.

מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען אוצרות וואָס ברענגען קיין פרוכט ניט, אָבער איך האָב בעהאַלטען אוצרות וואָס ברענגען פרוכט.

מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען אוצרות געלד, אָבער איך בעהאַלט אוצרות — נשמות".

אנדערע מאמרים וועגען צדקה, אמת און שלום געפינען מיר אין פיעל ערטער פון תלמוד.

„צדקה איז גרעסער פון קרבנות".

„דער וואס גיט א פרוטה צו אן אָרימאַן, ווערט געבענשט מיט זעקס ברכות, און דער וואָס טרייסט איהם מיט גוטע ווער־טער ווערט געבענשט מיט עלף".

דער וואָס טהוט ניט קיין גוטס און צדקה צו מענשען, איז אזוי ווי איינער וואס איז אוועק פון גאָט און דיענט די עבודה זרה".

„ווען דער מענש קומט צום משפט אין הימעל, פרעגט מען איהם דאָס ערשטע: האָסטו עהרליך געהאַנדעלט?"

„דער זיעגעל פון גאָט איז אמת".

„אמת האָט א אייביגע עקזיסטענץ".

„זאָל דיין „יא" זיין יאָ, און דיין „ניין" ניין.

„זאָג וועניג, און טהו פיעל".

אָבנאַרען מיט ווערטער, איז א זינד אזוי ווי אָבנאַרען מיט געלד".

„די וועלכע פערשעהמען ניט די וואס פערשעהמען זיי, זיי הערען ווי מען פערשעהמט זיי, אָבער ענטפערן ניט צוריק, אויף זיי איז געשריבען: „זיינע פריינד וועלען לייכטען אזוי ווי די זון אין איהר פראכט".

דו זאָלסט זיין פון אהרון׳ס תלמידים, וואָס ליעבט שלום און מאכט שלום ביי אנדערע, האָט ליב די מענשען און ברענגט זיי צו דער תורה".

„יעדען מענשען זאָלסטו אויפנעמען מיט א פריינדליך און שעהן געזיכט".

לעהרע, איבערהויפּט לערנען די תורה, איז אין תלמוד די העכסטע שטופע. „גרויס איז די תורה, ווייל זי גיט לעבען צו דיעזע וואָס לערנען און זיינען מקיים דאָס וואָס שטעהט אין דער תורה".

„מען האָט געפרעגט די נביאים און חכמים: פאַר וואָס איז דאָס לאַנד פארלאָרען און וויסט געוואָרען ווי א מדבר? אָבער זיי האָבען דאָס ניט געקענט ערקלערען, ביז גאָט אליין האָט דאָס ער־קלערט: ווייל זיי האָבען פארלאָזט מיין תורה און איהרע געזעצען".

רבי יוסי בן קסמא האָט דערצעהלט:

„איינמאָל בין איך געגאַנגען אין וועג, האָט מיך א מענש באַ־געגענט און מיר שלום געגעבען, האָב איך איהם געענטפערט שלום, דאַן האָט ער צו מיר געזאָגט: „רבי, פון וועלכען געגענד ביסטו?" האָב איך איהם געענטפערט: „איך בין פון א גרויסע שטאָדט פון געלעהרטע און חכמים". האָט דער מענש געזאָגט: „רבי, אויב

דו ווילסט וואוינען מיט אונז צוזאַמען, וועל איך דיר געבען טויזענט טויזענטער גאָלד דינרים און די טייערסטע שטיינער און פּערל״.

האָב איך איהם געענטפערט:

מיין זוהן! ווען דו וועסט מיר געבען זאָגאַר דאָס גאַנצע גאָלד, זילבער, טייערע שטיינער און פּערל פון דער וועלט, וועל איך ניט וואוינען נאָר אין דעם אָרט פון תורה״.

אויב דו האָסט וויסענשאַפט ערוואָרבען, טאָ וואָס פעהלט דיר? אָבער ווען דו האָסט קיין וויסענשאַפט זיך ניט ערוואָרבען, וואָס האָסטו דאַן?״

די אַרבייט איז אין תלמוד איינס פון די ערשטע פליכטען פון מענשען.

„דער וואָס לערענט ניט זיין זוהן קיין פּראָפעסיע, איז אזוי ווי ער וואָלט איהם געלערענט שלעכטעס״.

„ליעב די אַרבייט, און האָס צו זיין אַ האַר״.

„גרויס איז די אַרבייט, ווייל זי פאַרשאַפט כבוד דעם מענשען״.

„דער וואָס לעבט פון די אַרבייט פון זיינע הענט, איז גרעסער פון אַ ירא שמים״.

„וועלכער וועג איז דער גלייכער, אין וועלכען אַ מענש זאָל געהן? דאָס איז אַלעס וואָס איז שעהן פאַר איהם און פאַר מענ־שען״.

„דער וואָס איז געליעבט פון מענשען, איז געליעבט פון גאָט.״

„אַלעס וואס געפינט זיך אין תלמוד, איז צוגעפּאַסט צום מענשליכען לעבען, קיין זאַך איז ניט איבערנאַטירליך אָדער אונ־מעגליך פאַר דעם מענשען אויסצופיהרען.

אין תלמוד געפינען מיר פאָלגענדען מאמר:

„דאָס וואס דיר איז ניט ליעב, זאָלסטו דעם צווייטען ניט טאָן.

דאָס איז די גאַנצע תורה,״ זאָגט הלל הזקן, „און דאָס איבע־ריגע איז אַ פּרוש אויף דעם״.

ווען די מענשהייט וואָלט דיזען זאַץ טריי ערפילט, ווי גליקליך וואָלט זי דאַן געווען!

די געדאַנקען און די שפּראַך פון תלמוד איז איינפאַך און

פאַרשטענדליך פאַר דעם פאָלק, ווייל די תנאים זיינען אזוי ווי די נביאים געווען מענשען פון פאָלק, זיינע לעהרער און פיהרער, דער־פאַר האָבען זיי צו איהם גערעדט אין זיין שפּראַך.

לערנען דעם תלמוד איז ניט דאָס זעלבע ווי זיך פאַרטיעפען אין די היסטאָרישע פאַרגאַנגענהייט. נאָר דער תלמוד איז א קוואַל פון אייביגער פרישקייט״, אין אַלע צייטען און פאַר אַלע דורות.

אברהם מ. סאַבאַטה.

אקראָן, אָהייאָ. שבט, תרפ״ה.

# אברהם אָבינו.

אברהם איז געווען דריי יאָהר אַלט ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל געלערענט צו אנערקענען זיין באשעפער; אזוי ווי עס שטעהט (בראשית כו): „עקב אשר שמע אברהם בקולי". (נדרים לב. א.)

„עקב" באטרעפט הונדערט צוויי און זיבציג, און עס שטעהט „עקב האָט אברהם מיין שטימע געהערט". דאָס מיינט הונדערט צוויי און זיבציג; אזוי איז דער געדאנק, אז „אברהם האָט מיין שטימע געהערט" הונדערט צוויי און זיבציג יאָהר. ווען אברהם איז געשטאָרבען איז ער אַלט געווען הונדערט פינף און זיבציג יאָהר, מוז דאָך זיין אז ער איז געווען נאָר דריי יאָהר אַלט ווען ער האָט דאָס ערשטע מאָל פ א ר ש ט א נ ע ן דעם איינציגען גאָט.

רב חנן בר רבא האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב:

די מוטער פון אברהם איז געווען אמתלאי, די טאָכטער פון כרנבו. (בבא בתרא צא. א.)

אברהם אָבינו איז געווען דער ראש פון א ישיבה און האָט געלערענט תורה צו תלמידים (יומא כח. ב.).

אברהם אָבינו האָט מקיים געוועןביידע תורות: די תורה שבכתב (די געשריבענע תורה) און די תורה שבעל פה (מינדליכע תורה). (דאָרט).

איידער די תורה איז געגעבען געוואָרען אויפ'ן בארג סיני, האָט אברהם אָבינו שוין געלערנט די גאנצע תורה, און איהר מקיים געווען. (קדושין פב. א.)

רב האָט געזאָגט:

„איתן האזרחי וואָס ווערט דערמאָנט אין תהלים פט; דאָס מיינט אברהם אָבינו". (בבא בתרא טו. א.).

רבי זאָגט:

מיט די אַלע מצות פון די תורה וואָס אברהם אָבינו האָט

מקיים געווען, איז ער נאָך ניט געווען פאָלקאָם א צדיק, ביז ער האָט מקיים געווען די מצוה פון ברית מילה. (נדרים לא. ב.).

דער ערשטער פון אלע גרים איז געווען אברהם אָבינו. (סוכה מט. ב.).

אברהם האָט איינגעפיהרט די תפילת שחרית וואָס די אידען דאווענען אלע פריה־מאָרגען. (ברכות כו. ב.).

זעה, ווי גרוים אברהם אָבינו איז געווען, און דאָך האָט ער אליין זיינע געסט באדינט, כאָטש זיי האָבען אויסגעזעהן ווי אראַבער און ניט ווי מלאָכים. (קדושין לב. ב.).

רבי יהודה זאָגט אז אברהם האָט געפלאנצט א וויינגאָרטען, און רבי נחמיה זאָגט אז ער האָט געמאכט א גאסט־הויז אָדער גאָרטען, און די מענשען וואס זענען צו איהם געקומען, געגעסען און געטרונקען, האָט ער געלערענט צו גלויבען אין גאָט. (סוטה י. א.).

די זיבען פאסטוכער פון ישראל (זעה מיכה ה.) זיינען: דוד אין מיטען, אָדם, שת און מתושלח פון זיין רעכטע האנד. און פון זיין לינקע האנד איז: אברהם, יצחק און יעקב. (סוכה נב. ב.).

אברהם האָט געזאָגט פאר גאָט:

„רבונו של עולם! ווען די אידען וועלען זינדיגען וועסטו חלילה זיי שטראָפען אזוי ווי דעם דור פון מבול אָדער דעם דור הפלגה?" האָט גאָט געענטפערט: „די קרבנות פון בית המקדש וועלען מכפר זיין אויף זייערע זינד.

האָט אברהם ווייטער געזאָגט: „ווען זיי וועלען האָבען דעם בית המקדש, וועלען די קרבנות מכפר זיין אויף זייערע זינד, אָבער וואס וועט זיין ווען דער בית המקדש וועט חרוב ווערען?"

אויף דעם האָט גאָט געענטפערט: „איך האָב די תפלה פון קרבנות פאר זיי, און ווען זיי וועלען די תפלה לייענען וועל איך מוחל זיין זייערע זינד". (מגילה, לא. ב.).

אברהם האָט געהאט א טאָכטער, איהר נאָמען איז געווען בכל. (בבא בתרא טז. ב.).

רבי שמעון בן יוחאי זאָגט: א טייערער שטיין איז געווען

אַנגעהאַנגען אין אברהמס האַלז, און יעדער קראַנקער וואָס האָט אַ קוק געטאָן אויף דיעזען שטיין, איז געזונד געוואָרען. און ווען אברהם איז געשטאָרבען, האָט גאָט דעם שטיין אַנגעהאַנגען אין די זון. (בבא בתרא טז. ב.).

רבי יוחנן האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי יוסי בן זמרא: „נאָכדעם ווי דער שטן האָט געזאָגט פאַר דעם אייבערשטען: „רבונו של עולם! אברהם׳ען האָסטו געגעבען אַ זוהן ווען ער איז שוין געוועזן הונדערט יאָהר אַלט, און ווען ער האָט די גרויסע סעודה געמאַכט צוליב זיין ניי־געבוירענעם זוהן, האָט ער ניט געפונען פאַר נויטיג צו ברענגען אַ קרבן זאָגאַר פון אַ קליינעם עוף״.

האָט גאָט איהם געענטפערט:

„דאָס אַלעס האָט ער דאָך געטהאָן נור צוליעב זיין זוהן, און ווען איך וועל זיין איינציגען זוהן פאָדערען פאַר אַ קרבן, וועט ער זיין זוהן, וואָס ער ליעבט אַזוי שטאַרק, מקריב זיין פאַר גאָט„. און נאָכדעם האָט גאָט געפּרובט אברהם׳ן. (סנהדרין פט. ב.).

רבי שמעון בר אבא זאָגט אַ משל: „אַ מלך אַ בשר ודם האָט געמוזט פיהרען אַ סך מלחמות מיט זיינע שונאים. דיעזער קעניג האָט געהאַט אַ גרויסען גבור וואָס האָט אין אַלע מלחמות געזיעגט. איינמאָל איז זעהר אַ שטאַרקער שונא געקומען און האָט אַ גרויסע מלחמה געמאַכט. ווען דער קעניג האָט געזעהן די גרויסע מאַכט פון זיין פיינד, האָט ער געזאָגט צו זיין גבור: „זעה אַז דו זאָלסט דיעזע שטאַרקע אַרמעע אויך באַזיעגען, ווייל אויב דו וועסט אין דער יעצטיגער מלחמה ניט זיעגען, וועלען אַלע מענשען זאָגען אַז די אַלע מלחמות וואָס דו האָסט ביז היינט געפיהרט און געזיעגט האָבען קיין ווערט ניט געהאַט״.

אַזוי האָט אויך גאָט געזאָגט צו אברהם׳ן:

„מיט אַ סך נסיונות האָב איך דיך שוין געפּרובט און דו האָסט זיי אַלע בייגעשטאַנען, האַלט אויך יעצט אויס דיעזען נסיון, כדי די מענשען זאָלען ניט זאָגען אַז די אַלע נסיונות מיט וועלכע איך האָב דיך ביז היינט געפּרובט האָבען קיין ווערט ניט געהאַט״. (ראָרט).

ווען אברהם האָט זיין זוהן יצחק געפיהרט צו דער עקדה, האָט דער שטן זיך געשטעלט אין וועג, און ווען אברהם איז אָנגעקומען האָט דער שטן צו איהם געזאָגט:

„מיט א שרעקליכען נסיון האָט גאָט דיך געפּרובט, דו ביסט געווען דער טרייסטער פון פיעל מענשען, דו האָסט הילף און מוט זיי געגעבען, יעצט איז די פּיין צו דיר געקומען".

„איך גלויב אין גאָט", האָט אברהם געענטפערט.

„דיין מורא", האָט דער שטן געזאָגט, „איז דיין נארישקייט".

„געדענק, איך בעט דיך", האָט אברהם געענטפערט, „וואו איז אַן אונשולדיגער מאַן פארלאָרען געוואָרען, און ווען איז אַן עהרליכער געוואָרען פארשניטען?" (זעה איוב ד.)

ווען דער שטן האָט געזעהן אַז אברהם וויל איהם גאָר ניט אויסהערען, האָט ער געזאָגט: „איך האָב אין הימעל געהערט אַז אַ שאָף דארף זיין אַ קרבן אָבער ניט יצחק". „די שטראָף פון אַ ליגנער איז אַז מען גלויבט איהם ניט זאָגאר ווען ער זאָגט אַן אמת", האָט אברהם געענטפערט. (דאָרט).

אין די צייט ווען נמרוד דער רשע האָט אריינגעוואָרפען אברהם אָבינו אין קאַלך־אויווען, איז דער מלאך גבריאל געשטאַנען פאַר הקדוש ברוך הוא און האָט געזאָגט: „האר פון די וועלט! לאָז מיך, איך בעט דיך ארונטערגעהן און אָפּקיהלען דעם קאַלך־אויווען כדי צו ראַטעווען דעם צדיק פון פייער".

האָט דער אייבערשטער געזאָגט צו איהם: „איך בין איינער אין מיין וועלט, און אברהם איז איינער אין זיין וועלט, איז שעהן אַז דער וועלכער איז איינער זאָל מציל זיין דעם וועלכער איז איינער". אָבער ווייל גאָט באַצאָהלט יעדע באַשעפעניש ווען זיי טוען אָדער דענקען צו טאָן גוטס, האָט גאָט געזאָגט צו גבריאל: „פאַר דיין גוטען ווילען וועסטו זוכה זיין אַז דו וועסט מציל זיין דריי פון זיינע אייניקלאך". (פּסחים קיח. א.).

ר"ש השלוני האָט געלערנט: „ווען נבוכדנצר דער רשע האָט אריינגעוואָרפען חנניה מישאל און עזריה אין קאַלך־אויווען, איז יורקמי דער שר פון האגעל געשטאַנען פאַר גאָט און האָט געזאָגט:

„לאָז מיך, איך בעט דיך ארונטערגעהן און מציל זיין די צדיקים פון קאַלך־אויוועון". האָט גבריאל צו איהם געזאָגט: „גאָט'ס מאכט וועט מיט דעם ניט דערקענט ווערען, ווייל דו ביסט דאָך דער מלאך פון האָגעל, און אַלע ווייסען דאָך אז וואסער לעשט פייער. אָבער איך, דער מלאך פון פייער, וועל ארונטערגעהן און אָפּקיהלען פון אינעווענינ און מאַכען ברענען פלאַמען פון אויסענ־ווענינ (כדי צו פארברענען די וועלכע האָבען זיי אריינגעוואָרפען) וועט דאָס זיין א נס בתוך נס (א דאָפּעלטער נס).

האָט גאָט געזאָגט צו איהם: „געה ארונטער און טהו אזוי".

אויף דעם האָט גבריאל געזאָגט: „ואמת ה' לעולם" (תהילים קיז). (פּסחים קיח, א.).

רב יהודה האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב:

„די אַלע זאַכען וואָס אברהם האָט אַליין געטהאָן פאר די מלאכים, האָט גאָט געטהאָן פאר זיינע קינדער ניט דורך א שליח נאָר ער אַליין, אָבער די זאכען וואָס אברהם האָט געטהאָן פאר די מלאכים דורך א שליח, האָט גאָט דאָס זעלבע געטהאָן פאר זיינע קינדער אויך דורך א שליח". (בבא מציעא פו. ב.).

רב חנן האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב'ן:

„אין יענעם טאָג ווען אברהם אָבינו איז אוועק פון דער וועלט, האָבען אַלע גרעסטע פון דור זיך געשטעלט אין א שורה און גע־זאָגט: וועה איז צו דער וועלט וואָס האָט פארלאָרען איהר פיהרער און וועה איז צו די שיף וואָס האָט פארלאָרען איהר קאפּיטאן". (בבא בתרא צא. א.).

דער שטן האָט געזאָגט פאר גאָט:

רבונו של עולם! איבער דער גאנצער וועלט האָב איך ארומגעשוועבט און האָב ניט געפונען אזא צדיק אזוי ווי אברהם. דו האָסט איהם צוגעזאָגט צו געבען דאָס גאנצע לאנד, און ווען זיין ווייב שרה איז געשטאָרבען האָט ער ניט געהאט קיין שטיקעל ערד פאר א קבר, און דאָך האָט ער ניט געצווייפעלט אין דיר און האָט אין דיינע הבטחות געגלויבט. (בבא בתרא טו. ב.).

# דאָס פאָלק ישראל.

דריי סימנים כאראקטעריזירען דאָס פאָלק ישראל: — זיי זיינען בעלי רחמנות, זיי זיינען באַשיידען, און זיי זיינען וואָהל־טהעטיגער. בעלי רחמנות, אזוי ווי עס איז געשריבען )דברים יג, יח): „און ער וועט דיר רחמנות געבען, און וועט זיך איבער דיר דערבאַרימען". באשיידען, אזוי ווי עס איז געשריבען (שמות כ, כ): „און אז זיין פורכט זאָל זיין איבער אייער פנים". וואָהל־טהעטיגער, אזוי ווי עס איז געשריבען (בראשית יח, יט): „ווייל ער וועט באפעהלען צו זיינע קינדער", א. ז. וו. (יבמות עט, א.).

דריי טייערע פרעזענטען האָט גאָט געגעבען צו ישראל, אָבער קיין איין פרעזענט האָבען די אידען ניט ערהאַלטען אָהן יסורים. די דריי מתנות זיינען: די תורה, ארץ ישראל און עולם הבא. (ברכות ה, א.).

אזוי ווי עס איז אונמעגליך אז די וועלט זאָל עקזיסטירען אָהן לופט, אזוי איז אונמעגליך אז די וועלט זאָל עקזיסטירען אָהן דעם פאָלק ישראל. (תענית ג, ב.).

אלע אידען האָבען א חלק אין די קומענדע וועלט; אזוי ווי עס איז געשריבען (ישעיה ס, כא): „און דיין פאָלק זיינען אלע צדיקים, אויף אייביג וועלען זיי ירשה'נען דאָס לאַנד". (סנהדרין צ, א.).

„כי נפל תפול לפניו" — ווייל פאלען וועסטו פאר איהם פאלען. (מגלת אסתר ו, יג.) רבי יהודה בר אלעאי האָט ערקלערט: „דאָס וואָרט פאלען איז צוויי מאָל געשריבען; ווייל המן'ס פריינד האָבען צו איהם געזאָגט: דאָס פאָלק ישראל איז פאַרגלייכט גע־וואָרען צו די ערד, און איז פאַרגלייכט געוואָרען צו די שטערן; ווייל ווען זיי זינקען, זינקען זיי ביז צו דער ערד, און ווען זיי שטייגען, שטייגען זיי ביז צו די שטערן". (מגילה טז, א.).

„וכשלו איש באחיו" (ויקרא כו) לז.). דאָס מיינט, אז זיי

וועלען פאַלען איינער איבער די זינד פון אנדערען. דאָס לערנט אונז, אַז אַלע אידען זיינען ערב (פאַראַנטוואָרטליך) איינער פאַר דעם אַנדערען. (שבועות לט, א.).

הקדוש ברוך הוא האָט געזאָגט צו די בני ישראל:

איהר האָט מיר געמאַכט אַ נאָמען אַלס איינער אין דער וועלט, אַזוי ווי עס איז געשריבען: „שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד" — הער, ישראל, גאָט אונזער גאָט, גאָט איז איינער. וועל איך אייך פאַר איין פאָלק אין דער וועלט מאַכען, אַזוי ווי עס איז געשריבען (דברי הימים א, יג.) „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ" — גאָט, ווער איז ווי דיין פאָלק ישראל, איין פאָלק אויף דער וועלט! (חגיגה ג, א.).

ווען די אידען זיינען פון ים סוף ארויס, האָבען זאָגאַר די קליינע קינדער און די זויגעדיגע ביי דער מוטערס ברוסט געזעהן די שכינה, און האָבען געזאָגט: „דאָס איז מיין גאָט, און איך וועל איהם אַ וואָהנונג מאַכען"; אַזוי ווי עס איז געשריבען (תהלים ח, ג.) פון דעם מויל פון קליינע קינדער און זויגענדיגע קינדער א. ז. וו. (סוטה ל, ב.).

אָרימקייט איז די בעסטע פון אַלע גוטע מדות, וועלכע גאָט האָט געפונען פאַר נויטיג צו געבען צו די ישראל.

שמואל אָדער רב יוסף האָט געזאָגט: דאָס זאָגען מענשען אַ שפּריכוואָרט: „ס'איז שעהן אָרימקייט פאַר אַ אידען, ווי אַ רויטער זאָטעל אויף אַ ווייס פערד..." (חגיגה ט, ב.).

גאָט האָט געזאָגט צו משה'ן: „זאָג צו די אידען, „אהיה אשר אהיה" (שמות ג.) — „איך בין מיט אייך געוועזן אין גלות פון מצרים, און איך וועל מיט אייך זיין אין גלות פון אַנדערע פעלקער". האָט משה געזאָגט: „רבונו של עולם! די צרה איז גענוג שרעקליך אין דער צייט ווען זי קומט..."

דאַן האָט גאָט געזאָגט: „זאָג צו די אידען, דער גאָט וואָס איז מיט אייך, האָט מיך צו אייך געשיקט". (ברכות ט, ב.).

ווען הקדוש ברוך הוא דערמאָנט זיך, אַז זיינע קינדער זיינען אין גלות ביי די פעלקער פון דער וועלט, לאָזט ער פאַלען צוויי

טרערען אין ים הגדול אריין; און דער אָפּקלאַנג פון דעם ווערט געהערט פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערען, און דאָס מאַכט די ערד ציטערען". (ברכות נט, א.).

דריי זאַכען האָט משה געבעטען ביי גאָט: 1. ער האָט גע־בעטען אַז די שכינה זאָל רוהען אויף די אידען; 2. אַז די שכינה זאָל נישט רוהען אויף קיינעם נאָר אויף די אידען; און 3. אַז גאָט'ס וועגען זאָלען צו איהם באַוואוסט ווערען; און די אַלע זאַכען זיינען איהם געגעבען געוואָרען. (ברכות ז, א.).

רבי יהושע בן לוי האָט געזאָגט:

„פאַר וואָס זיינען די אידען פאַרגלייכט געוואָרען צו אַן אויל־בערט? ווייל אַזוי ווי די בלעטער פון דעם אוילבערט פאַלען ניט אַראָפּ פון בוים, ניט ווינטער, און אויך ניט זומער, אַזוי וועט דאָס אידישע פאָלק קיינמאָל ניט אונטערגעהן, ניט אויף דיעזע וועלט, און אויך ניט אויף די קומענדע וועלט". (מנחות נג, ב.).

רבי יוחנן זאָגט: „פאַר וואָס זיינען די אידען פאַרגלייכט געוואָרען צו אַן איילבערט? ווייל אַזוי ווי דער איילבערט גיט זיין אויל אַרויס נאָר ווען זיינע בלעטער ווערען צושטויסען, אַזוי זיינען אויך די אידען; גוטעס און די בעסטע ווערק גיבען זיי אַרויס נאָר ווען זיי ליידען יסורים". (מנחות נג, ב.).

איינמאָל האָט רב אבהו דערצעהלט די צדוקים אַז רב ספרא איז אַ גרויסער געלעהרטער מאַן. אין אַ לאַנגע צייט שפּעטער האָבען די צדוקים איהם באַגעגענט, האָבען זיי איהם געפרעגט: עס איז געשריבען אין עמוס ג, ב. „רק אתכם ידעתי מכל משפחות האדמה על כן אפקד עליכם את כל עונותיכם" — —נאָר אייך האָב איך אַנערקענט פון אַלע פעלקער אויף דער ערד, דערפאַר וועל איך אייך שטראָפען פאַר אַלע אייערע זינד".

„דער וואָס האָט אַ כעס", האָבען זיי איהם געפרעגט, „וועט ער דען דערפאַר וואַרפען אין זיין פריינד פיילען פון נקמה?" האָט רב ספרא ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערען. ווען רב אבהו איז געקומען, האָט ער זיי ערקלערט מיט אַ משל: „אַזוי ווי אַ מענש וואָס האָט אַ פריינד וואָס איז איהם געלד שולדיג, און אויך זיין

שונא איז איהם שולדיג געלד. פון זיין פריינד פאָדערט ער ניט דעם גאַנצען חוב, נאָר נעמט אָפּ זיין געלד ביסלאכווייז, אָבער פון זיין שונא נעמט ער זיין חוב אָפּ מיטאיינמאָל". (עבודה זרה, א.).

„ותאמר ציון עזבני ה' וה' שכחני" — ציון האָט געזאָגט, גאָט האָט מיך פארלאָזט, און גאָט האָט מיך פארגעסען".

רש לקיש זאָגט: די כנסת ישראל האָט געזאָגט פאר גאָט: „רבונו של עולם! ווען א מענש הייראטה זיין צווייטע פרוי, געדענקט ער די מעשים פון די ערשטע, אָבער דו גאָט, האָסט אונז פארלאָזט און פארגעסען".

האָט גאָט געענטפערט:

„מיינע קינדער! צוועלף מזלות האָב איך באשאפען אין הימעל, און אין יעדען מזל האָב איך באשאפען דרייסיג ארמעען. יעדע ארמעע באשטעהט פון דרייסיג לעגיאָנען, און יעדער לעגיאָן באשטעהט פון דרייסיג דיוויזיאָנען, און יעדער דיוויזיאָן באשטעהט פון דרייסיג רעגימענטען, און יעדער רעגימענט באשטעהט פון דרייסיג באטאליאָנען, און אין יעדען באטאליאָן איז אָנגעהאנגען דריי הונדערט פינף און זעכציג טויזענד צעהן טויזענדער שטערען, אזוי ווי די צאָהל פון ימות החמה, און דאָס אלעס האָב איך באַשאפען צוליב אייך. און איהר זאָגט: „ער האָט אונז פארגעסען און פארלאָזט". קען דען א פרוי פארגעסען איהר קינד? וועל איך דען פארגעסען די אלע קרבנות וואָס איהר האָט פאר מיר מקריב געווען אין דער מדבר?"

האָבען די כנסת ישראל געזאָגט פאר גאָט:

„אז פאר דיין כסא הכבוד ווערט קיין זאך ניט פארגעסען, ווערסטו פיליירכט ניט פארגעסען אז מיר האָבען אין דער מדבר געמאכט א גאָלדען קאלב פאר אן אָפּגאָט?"

„דאָס וועל איך פארגעסען", האָט גאָט געענטפערט.

„פיליירכט ווערסטו פארגעסען אז מיר האָבען אויפ'ן בארג סיני די תורה מקבל געווען?"

„דאָס וועל איך ניט פארגעסען", האָט גאָט געענטפערט. (ברכות לב, ב.).

ווען דאָס פאָלק איז אין אַן עת צרה, האָט איינער פון זיי זיך אָפּגעשיידט פון פאָלק, כדי ער זאָל ניט מיטליידען מיט די אידען; קומען דאַן צוויי מלאכים און זאָגען „דיעזער וואָס האָט זיך פון פאָלק אָפּגעשיידט אין אַן עת צרה, זאָל ניט זעהן די נחמה פון פאָלק". (תענית יא, א.).

אימער זאָל אַ מענש מיטליידען מיט די אידען; ווען זיי זיינען אין אַן אונגליק. אַזוי געפינען מיר אויך ביי משה רבינו, אַז ער האָט מיט אַלע אידען צוזאַמען געליטען: ווען די אידען האָבען מלחמה געהאַלטען מיט עמלק, איז משה'ס הענד שווער געוואָרען, האָט מען איהם אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטיין, אָבער ניט מיט אַ ווייכע זאַך, ווייל אין אַ צייט פון מלחמה, האָט משה רבינו געזאָגט: „ווייל די אידען זיינען אין אַ צרה וועל איך צוזאַמען מיט זיי ליידען". (תענית יא, א.).

דער וואָס איז צוזאַמען מיט זיין פאָלק אין זיין אונגליק, איז אויך צוזאַמען מיט איהם אין זיין גליק. (דאָרט).

# משה.

רבי אליעזר בר יוסי האָט דערצעהלט:

איינמאָל בין איך געקומען אין דער שטאָדט אלכסנדריה פון מצרים, האָב איך בעגעגענט אַן אַלטען מאַן, האָט ער געזאָגט צו מיר: „קום, איך וועל דיר צייגען וואָס מיינע עלטערן האָבען געטהאָן צו דיינע עלטערן, אַ טייל האָבען זיי אין ים דער־טרונקען, אַ טייל האָבען זיי מיט דער שווערד דער'הרג'עט, אַ טייל האָבען זיי איינגעמויערט אין בנין. (סנהדרין קיא, א.)

משה רבינו איז וועגען דעם געוואָרען געשטראָפט; אַזוי ווי עס איז געשריעבען (שמות ה.): „און דאמאָלס ווען איך בין געקומען צו פרעה ריידען אין דיין נאָמען, האָסטו נאָר שלעכט געטהאָן צו דיין פאָלק".

האָט גאָט איהם געענטפערט:

„וועה וועגען דיעזע וואָס זענען פון דער וועלט אַוועק, און עס קענען ניט געפונען ווערען אַזעלכע ווי זיי.

„אַ סך הבטחות האָב איך געגעבען צו אברהם, יצחק און יעקב, און זיי האָבען אין מיר ניט געצווייפעלט, און האָבען מיין נאָמען ניט געפרעגט. אברהם'ען האָב איך צוגעזאָגט, אַז איך וועל איהם געבען דאָס גאַנצע לאַנד, און ווען זיין ווייב, שרה, איז געשטאָרבען, האָט ער ניט געהאט קיין שטיקעל ערד איהר צו באַגראָבען, ביז ער האָט געקויפט אַ קבר פאַר פיער הונדערט זילבערנע שקל, און דאָך האָט ער אין מיר ניט גע־צווייפעלט.

צו יצחק'ען האָב איך געזאָגט: וואוין אין דיעזען לאַנד, איך וועל מיט דיר זיין און דיך בענשען" (בראשית כ.) און ווען זיינע קנעכט האָבען אפילו קיין וואסער ניט געהאט, האָט ער דאָך ניט געצווייפעלט אין מיר.

אויך צו יעקב'ן האָב איך צוגעזאָגט אַז איך וועל איהם

געבען דאָס לאַנד, און ווען ער האָט זיך געוואָלט אויפשטעלען אַ געצעלט, האָט ער געמוזט באַצאָהלען הונדערט קשיטה, און דאָך האָט ער ניט געצווייפעלט אין מיר, און ניט געפרעגט מיין נאָמען. אָבער דו האָסט מיך געפרעגט מיין נאָמען, און יעצט זאָגסטו מיר אויך: „והצל לא הצלת את עמך“ — דו האָסט דיין פאָלק גאָר ניט מציל געווען, דערפאַר וועסטו נור זעהן וואָס איך וועל טהון פרעה׳ן, אָבער ווען די יודען וועלען אריין אין ארץ ישראל און וואָס איך וועל טהון צו די איינאונדרייסיג מלכים, דאָס וועסטו שוין ניט זעהן. (סנהדרין קיא ב.)

וועלכע מדה פון גאָט האָט משה געזעהן?

חנינא בן גמלא האָט געזאָגט: אַז משה האָט געזעהן די מדה פון „ארך אפים“ — אַז גאָט איז געדולדיג צום רשע און שטראָפט איהם ניט באַלד.

די רבנן אָבער זאָגען אַז משה האָט געזעהן דעם אמת.

מיר האָבען געלערנט, אַזוי ווי רבי חנינא, אַז משה האָט געזעהן די מדה פון ארך אפים.

ווען משה איז אַרויף אויפ׳ן הימעל, האָט ער געזעהן אַז גאָט שרייבט „ארך אפים“.

האָט משה געפרעגט: „רבונו של עולם! ביזטו געדולדיג בלויז צו די צדיקים?“

האָט דער אויבערשטער געענטפערט: „אויך צו די רשעים“.

„זאָלען די רשעים פארלאָרען געהן“, האָט משה געזאָגט.

„דו וועסט זעהן אַז דו וועסט מיך נאָך בעטען אויף דעם וואָס איך האָב געזאָגט“, האָט גאָט געענטפערט.

ווען די יודען האָבען געזינדיגט, האָט משה געבעטען אַז גאָט זאָל זיי מוחל זיין, האָט גאָט צו איהם געזאָגט: „דו האָסט דאָך געזאָגט אַז איך זאָל זיין געדולדיג בלויז צו די צדיקים“.

האָט משה געענטפערט: „אָבער דו האָסט דאָך געזאָגט אַז דו ביסט אַ ארך אפים אויך צו די רשעים“.

און דאָס איז געשריעבען (במדבר מד): „ועתה יגדל נא כח אדני כאשר דברת לאמר“ — (סנהדרין קיא, א.)

# די עשׂרת הדברות.

רבי חנינא בן עגיל האָט געפרעגט רבי חייא בר אבא'ן: פאר וואָס שטעהט ניט אין די ערשטע עשׂרת הדברות „טוב“ און אין די צווייטע עשׂרת הדברות שטעהט יא „טוב“ (למען ייטב לך דברים ה.)

האָט ער איהם געענטפערט:

„דו פרעגסט מיך, פארוואָס אין די צווייטע עשׂרת הדברות שטעהט טוב, און איך ווייס גאָר ניט אויב עס שטעהט אין די צווייטע עשׂרת הדברות „טוב“. געה צו רבי תנחום בר חנילאי, ער האָט געלערנט אגדות פון רבי יהושע בן לוי, ער וועט דיר די פראגע ערקלעהרען“.

איז רבי חנינא אַוועק צו איהם און געפרעגט די זעלבע פראגע. האָט רבי תנחום איהם געזאָגט:

„ווייל די ערשטע עשׂרת הדברות זענען דאָך צובראָכען געוואָרען, און ווען עס וואָלט געשטאַנען אין זיי „טוב“ וואָלט חס ושלום גוטעס אויפגעהערט ביי יודען“. (רבא קמא נה, א.)

# די סנהדרין און ריכטער.

די סנהדרין גדולה איז געווען איינאונזיעבציג ריכטער, און די סנהדרין קטנה — דרייאונצוואנציג. (סנהדרין משנה א.)

דער ריכטער, וואס האט איינמאל א משפט ארויסגעגעבען מיט אמת'ע גערעכטיגקייט, איז אזוי ווי ער וואלט א שותף געווען צו גאט אין די ווערק פון באשאפונג. (שבת י, א.)

זאגאר ווען דער ריכטער איז געווען א אמת'ער צדיק, און האט נור איינמאל גענומען שוחד, וועט ניט אוועק פון דער וועלט בלייבענדיג ביים געזונדען פערשטאנד. (כתובות קה, ב.)

אויב דער ריכטער איז ווי א קעניג וואס ברויך גארניט, וועט ער מיט זיין גערעכטיגקייט בעפעסטיגען דאס לאנד. אבער, אויב ער איז, ווי א כהן וואס נעמט מתנות, וועט ער דאס לאנד צושטערען. (כתובות קה, ב.)

זאלען די ריכטער וויסען; פאר וועמען, און מיט וועמען זיי משפט'ן, און ווער ס'וועט פון זיי נעמען דין און חשבון פאר גערעכטיגקייט; אזוי ווי עס איז געשריעבען (תהלים פב, 1.): אלהים נצב בעדת אל בקרב אלהים ישפט. (סנהדרין ו, ב.)

רבי שמואל בר נחמני האט געזאגט אין נאמען פון ר' יונתן: „דער ריכטער, אויב ער משפט מיט אמת'ע גערעכטיגקייט, מאכט ער, אז די שכינה זאל רוהען צווישען יודען". (סנהדרין, ז, א.)

א דור קען האבען נור איין מנהיג, אבער צוויי מנהיגים קען איין דור ניט האבען. (סנהדרין ל, א).

# תורה.

רבי נתן פלעגט זאָגען: „די העכסטע ליעבע איז — די תורה; די גרעסטע וויסענשאַפט — די עטהיק; און די פּאָל־קאָמסטע שענהייט — ירושלים". (אבות דרבי נתן פרק כח.)

(ירמיה כג, כט.) „אזוי ווי דער האמער צוברעכט דעם פעלזענשטיין אין שטיקער", אזוי זענען אויך די ווערטער פון גאָט'ס מויל, יעדעס וואָרט פון גאָט, איז צו זיעבציג שפּראכען צוטיילט געוואָרען". (שבת פח, ב.)

„אזוי ווי דער האמער צוטיילט דאָס פייער אין א סך פונקען", (דאָרט) אזוי ווערען די ווערטער פון דער תורה צוטיילט צו פיעל דרשות און טעמים. (סנהדרין לד, א.)

פארוואָס זענען די ווערטער פון דער תורה פערגלייכט גע־וואָרען צו פייער? (זעה ירמיה כג, כט.) ווייל אזוי ווי פייער ברענט ניט ווען ס'איז נור איין שטיק האָלץ, אזוי אויך די ווערטער פון דער תורה, האָבען ניט דעם פייער פון לעבען, ווען דער מענש לערנט די תורה אליין. (תענית ז, א.)

וואו האָבען מיר געלערנט אַז ווען זאָגאר נור איינער לערנט די תורה, איז אויך די שכינה מיט איהם? אין שמות כ, כד, „אין יעדען אָרט, וואו איך וועל לאָזען מיין נאָמען דערמאָנען, וועל איך קומען צו דיר, און דיך בענשען".
(ברכות, ו. א.)

רבי אלעזר האָט געזאָגט:

דער וואָס פערגעסט פון זיין לערנען זאָגאר נור איין וואָרט, ברענגט אויף זיינע קינדער א גלות, אזוי ווי עס איז געשריעבען (הושע ד, ו.) „ווייל דו האָסט די תורה פון גאָט פערגעסען, וועל איך דיינע קינדער פערגעסען". (יומא לח, ב.)

רבי אבהו זאָגט: „דער וועלכער פערגעסט זיין לערנען, פֶּערְלִיעְרְט זַיין גְדוּלָה אוּן כָבוֹד". (דאָרט).

רבי יהודה האָט געזאָגט אין נאָמען פון רב'ן:

עס איז געשריעבען (ירמיה ט, יא.): „ווער איז דער מאַן וואָס איז קלוג, און זאָל דאָס פערשטעהן, און דער, וואָס גאָטס וואָרט איז צו איהם, און זאָל ער דאָס זאָגען, פאר וואָס איז דאָס לאַנד פערלוירען געוואָרען?"

דיעזע פראגע איז ביי די חכמים געפרעגט געוואָרען, אָבער זיי האָבען דאָס ניט ערקלערט; די נביאים — און זיי האָבען אויך ניט ערקלערט; ביז גאָט אַליין האָט ערקלערט פארוואָס. אַזוי ווי עס איז געשריעבען (דאָרט): „און גאָט האָט געזאָגט: ווייל זיי האָבען פערלאָזען מיין תורה וואָס איך האָב זיי געגעבען". (בבא מציעא פו, ב.)

רבי אלכסנדראי האָט איינמאָל אויסגערופען: „ווער ס'וויל לעבען, זאָל צו מיר קומען".

זענען אַ סך מענשען געקומען, און פערלאנגט אַן ערקלערונג. האָט ער זיי ערקלערט פאָלגענדעס: „ווער איז דער מענש וואָס וויל לעבען, א. ז. וו. זאָל היטען זיין צונג פון שלעכטס" (תהלים לד, יד.) און אויב אַ מענש וועט זאָגען איך האָב שוין מיין צונג אָבגעהיט פון שלעכטעס, מעהר האָב איך שוין ניט וואָס צו טהאָן". איז ווייטער געשריעבען: „טהו גוטעס", און „גוטעס" מיינט די תורה. (עבודה זרה מט, ב.)

די תורה איז דער בעסטער בעגלייטער פון מענשען; און די בעסטע מעדיצין פאר דעם קראנקען. (ערובין נד, א.)

ווען רבי שמעון בן יוחאי און זיין זוהן רבי אלעזר, זיינען פון דער הייל ארויס, וואו זיי זענען געוועזען בעהאַלטען דרייצעהן יאָהר, פאר די רוימער וואָס האָבען זיי געוואָלט אומברענגען, דאָס איז געראדע געוועזען אַ פרייטאג נאָך מיטאָג.

פארנאכט, האָבען זיי געהענדיג אין גאַס, געזעהן אַן אַלטען מאַן טראָגענדיג צוויי בינטלעך בשמים אין זיינע הענד, און לויפט שנעל דורך די גאַס.

„וואָס" האָבען זיי איהם געפרעגט „וועסטו מיט דעם טהון?"

„צו שמעקען לכבוד שבת“ האָט דער אַלטער געענטפערט.

„וועט ניט זיין גענוג איינס?“ האָבען זיי ווידער גע-פרעגט.

„איינס לכבוד „זכור“ (שמות כב.) און איינס לכבוד „שמור“ (דברים ה.) איז געווען דער ענטפער.

האָט רבי שמעון געזאָגט צו זיין זוהן:

„זעה, ווי גרויס די מצות ווערען געליעבט פון די יודען“. (שבת לג, ב.)

פון דיעזע דריי זאַכען געניסט דער מענש די פרוכט זייערע אויף דיעזע וועלט, און דער שכר בלייבט איהם אויף עולם הבא, דאָס זענען פאָלגענדע: עהרען פאָטער און מוטער; טהון גוטעס צו מענשען; און זוכען אימער שלום. און לערנען די תורה, איז אַזוי ווי די דריי מצות צוזאַמען. (פאה משנה, א.)

רב יהודה האָט געזאָגט פאר רב'ן: געבענשט זאָל זיין דער אנדענקען פון יענעם מאַן וואָס זיין נאָמען איז יהושע בן גמלא, ווייל ווען ניט ער וואָלט די תורה פערגעסען געוואָרען פון די יודען.

אמאָל פלעגט זיך פיהרען ביי יודען, אַז דאָס קינד וואָס האָט געהאַט אַ פאָטער, האָט איהם זיין פאָטער געלערנט, אָבער דער וואָס האָט קיין פאָטער ניט געהאַט, — האָט גאָר ניט געלערנט, האָט מען איינגעפיהרט, אַז אין ירושלים זאָלען זיצען מלמדים און לערנען מיט קינדער, און יעדעס קינד וואָס האָט געהאַט אַ פאָטער, פלעגט איהם זיין פאָטער ברענגען קיין ירושלים לערנען, אָבער די קינדער וועלכע האָבען קיין פאָטערס ניט געהאַט, פלעגען גאָר ניט לערנען, האָט מען איינגעפיהרט אַז עס זאָלען זיצען מלמדים אין יעדען בעצירק, און ווען די קינדער זענען אַלט געוואָרען זעכצעהן זיעבעצעהן יאָהר האָט מען זיי אריינגעפיהרט צום רבי'ן לערנען.

אַ סך אָבער פון די יונגלעך זענען פון זייער רבי'ן אַוועק ווען ער האָט נור אויף זיי אָנגעשריען, האָט יהושע בן גמלא איינגעפיהרט אַז ס'זאָלען זיצען מלמדים אין יעדער פראָווינץ

און אין יעדע שטאָדט און אלע קינדער ווען זיי זענען געוואָרען אַלט זעקס, זיעבען יאָהר, זענען אריינגעפיהרט געוואָרען אין די חדרים לערנען.

רב האָט געזאָגט צו רב שמואל בר שילת, וועלכער איז געווען א לעהרער: „קינדער ביז זעקס יאָהר זאָלסטו ניט אָננעמען, אָבער איבער זעקס זאָלסטו אָננעמען און זאָלסט איהם לערנען פיעל תורה.

און ווען דו שלאָגסט א קינד, זאָלסטו ניט שלאָגען נור מיט א בענדעל פון א שוך.

ווער ס'לערנט זאָל לערנען, און ווער עס לערנט ניט זאָל זיצען און צוהערען ווי די אנדערע קינדער לערנען. דאָס לערנען פון די אנדערע קינדער וועט ווירקען אויף איהם אז אויך ער זאָל לערנען. (בבא בתרא כא, ב.)

רבי חנינא בר אידי האָט געזאָגט:

„די תורה איז גלייך צו וואסער, אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען (ישעיה נה): „הוי כל צמא לכו למים“ (או אלע וואָס זענען דורשטיג קומט צום וואסער). דאָס מיינט אזוי ווי וואסער פערלאָזען די הויכע ערטער און געהען צו די נידריגע, אזוי איז אויך די תורה, זי איז נור ביי דעם וואָס האלט זיך קליין און איינפאך.

רבי אושעיא האָט געזאָגט: „פאר וואָס איז די תורה פערגלייכט צו די דריי געטראנקען: וויין, וואסער און מילך, אזוי ווי עס איז געשריעבען (דאָרט): „אוי, אלע וואָס זענען דורשטיג קומט צום וואסער, קומט קויפט און עסט, קומט קויפט אָהן געלד און אָהן א פרייז מילך און וויין“. דאָס זאָגט אונז, אז אזוי ווי דיעזע דריי געטראנקען זענען גוט נור ווען זיי זענען אין איינפאכע כלים, אזוי איז די תורה נור ביי דעם וואָס האלט זיך איינפאך און קליין“. (תענית ז. א.)

א פרינצעסין האָט געזאָגט צו רבי יהושע בן חנניא: „דו ביסט א גרויסער חכם, אָבער זעהר העסליך, שעהנע חכמה

אין אַ מיאוס׳ער כלי״. האָט ער איהר געפרעגט: „אין וואָס האַלט דיין פאָטער זיין וויין?“

„אין ליימענע כלים“, האָט זי געענטפערט.

„פרינצעסין“, האָט רבי יהושע געזאָגט, „אַלע האַלטען וויין אין ליימענע כלים און דיין פאָטער אויך אין ליימענע כלים?“

„אין וואָס דען זאָלען מיר האַלטען אונזער וויין?“, האָט די פרינצעסין געפרעגט.

„פאר אַ קעניג וואָלט געפּאַסט צו האַלטען זיין וויין אין גאָלדענע כלים“, האָט רבי יהושע בן חנניא געזאָגט.

האָט די פרינצעסין געזאָגט צו איהר פאָטער, אז פאַר זיי פּאַסט בעסער צו האַלטען וויין אין גאָלדענע און אין זיל־בערנע כלים.

דער קעניג האָט באַפוילען איבערצוגיעסען זיין וויין אין גאָלדענע און אין זילבערנע כלים, אָבער דער וויין איז זויער געוואָרען, האָט דער קעניג געפרעגט זיין טאָכטער: „ווער האָט דאָס דיר אַזאַ עצה געגעבען איבערצוגיעסען וויין אין מעטאַ־לענע כלים?“ האָט די פרינצעסין דערצעהלט דעם קעניג, אז רבי יהושע האָט איהר די עצה געגעבען.

דער קעניג האָט געלאָזט רופען רבי יהושע בן חנניא, און ווען ער איז געקומען, האָט דער קעניג צו איהם געזאָגט: „פאר וואָס האָסטו מיין טאָכטער אַזוי איינגערעדט?“ האָט רבי יהושע איהם דערצעהלט אַז זיין טאָכטער האָט איהם גערופען „שעהנע חכמה אין אַ מיאוס׳ער כלי“, דערפאר האָט ער איהר געוואָלט איבערצייגען אַז גוטעס קען זיין נור אין איינפאכע כלים, אָבער ניט אין שעהנע.

האָט דער קעניג איהם געפרעגט: „מיר זעהן דאָך שעהנע מענשען וועלכע זענען אויך הכמים. האָט רבי יהושע בן חנניא איהם געענטפערט: ווען זיי וואָלטען געווען העסליך, וואָלטען זיי מעהר געקענט“. (תענית ז, א.)

רבי יהודה האָט געזאָגט אין נאָמען פון שמואל:

„עס שטעהט געשריעבען (חבקוק, יד), „און דו מאַכסט די מענשען אַזוי ווי די פיש פון ים“.

דער נביא גלייכט די מענשען ווי די פיש פון ים, ווייל אַזוי ווי די פיש פון ים שטאַרבען ווען זיי געהען אַרויף אויף די יבשה, אַזוי אויך די מענשען, ווען זיי געהען אַוועק פון תורה און מצות, שטאַרבען זיי“. (עבודה זרה ד, א.)

## תלמי המלך און די תורה.

איינמאָל האָט דער קעניג תלמי צונויפגערופען צוויי און זיעבציג געלעהרטע פון די אידען, און האָט זיי געהייסען אַריינפיהרען אין צוויי און זיעבעציג בעזונדערע הייזער.

די זקנים האָבען ניט געוואוסט וועגען וואָס מען האָט זיי גערופען, אָבער ווען זיי זיינען שוין געוועזן אָבגעזונדערט אין זייערע צימערען, איז ער אַריין צו יעדען איינעם פון זיי און האָט זיי געהייסען שרייבען די תורה.

און איין געדאַנק איז צו זיי געקומען, און אַלע האָבען זיי געשריעבען „אלהים ברא בראשית“. (מגילה ט, א.)

# נביאים.

רבא האָט געזאָגט:

„די נבואה, וואָס יחזקאל הנביא האָט געזעהן, האָט ישעיה אויך געזעהן, אָבער יחזקאל איז געגליכען צו אַ דאָרפסמאַן, וואָס זעהט דעם קעניג און ווערט נתפעל, דערפאר דערצעהלט יחזקאל אלע איינצעלהייטען, פון כסא הכבוד, אופנים און חיות הקודש.

אָבער ישעיה איז ווי אַ גרויסשטאָדטישער, וואָס זעהען דעם קעניג איז ביי איהם קיין נייעס ניט, דערפאר דערצעהלט ער בקצור...“ (חגיגה יג, ב.)

רבי אחא בר כהנא האָט געזאָגט: „ווען אחשורוש האָט אַרונטערגענומען זיין רינג פון זיין האנד און עס געגעבען צו המנ׳ען און איהם געהייסען אויס׳הרג׳נען אלע יודען, דאָס האָט מעהר געווירקט אויף די יודען ווי די רייד פון די הונדערט און אַכט און פיערציג נביאים און זיעבען נביאות, וועלכע האָבען נביאות געזאָגט צו די יודען, ווייל די אלע נביאים און נביאות האָבען די יודען ניט צוריקגעברענגט צום גוטען וועג, אָבער אחשורוש׳ס גזרות האָט די יודען געברענגט צו תשובה און גוטס“. (מגילה יד, א.)

די רבנן האָבען געלערנט: „הונדערט אכט און פיערציג נביאים און זיעבען נביאות האָבען געזאָגט זייער נבואה צו די יודען, און זיי האָבען ניט צוגעגעבען און ניט אַרונטערגענומען אפילו איין אות פון דער תורה, אויסער די מגילת אסתר. (דאָרט).

רבי חנונא בר אבין זאָגט אין נאָמען פון רבי יהושע בן קרחה: „זיי האָבען איינגעפיהרט צו לייענען די מגילת אסתר ווייל זיי האָבען אזוי געלערנט, „ווען די יודען זענען פון די

קנעכטשאפט פון מצרים געוואָרען פריי, האָבען זיי געזאָגט א שיר, דארפען זיי דאָך געוויס זאָגען שירה פורים, ווען זיי זענען פון דער גזרה פון להשמיד ולהרג פריי געוואָרען און לעבען געבליבען. (דאָרט).

# א י ו ב

„ויען השטן את ה׳ ויאמר עור בעד עור וכל אשר לאיש יתן בעד נפשו. אולם שלח נא ידך וגע אל עצמו ואל בשרו אם לא על פניך יברכך. ויאמר ה׳ אל השטן הנו בידך אך את נפשו שמר. ויצא השטן מאת פני ה׳ ויך את איוב״ (איוב ב.) און דער שטן האָט געענטפערט גאָט און האָט געזאָגט: „אַ הויט פאַר אַ הויט, און אַלעס וואָס אַ מענש האָט וועט ער אַוועקגעבען פאַר זיין לעבען. אָבער שיק, איך בעט דיך, דיין האַנד, און ריהר זיינע ביינער און פלייש, א. ז. וו. האָט גאָט געזאָגט צום שטן:

„ער איז אין דיין האַנד, אָבער זיין לעבען זאָלסטו היטען״.

איז דער שטן אַוועק פון גאָט או האָט געשלאָגען איוב׳ן א. ז. וו. האָט רבי יצחק געזאָגט: „דער שטן האָט געהאַט מעהר צער ווי איוב, דאָס איז אַזוי ווי אַ מענש זאָגט צו זיין קנעכט: צוברעך די פאַס און דו זאָלסט היטען אז דער ווייז זאָל גאָרניט ווערען פערגאָסען...“ (בבא בתרא טז, א.)

„על דעתך כי לא ארשע ואין מידך מציל״ (איוב י.) דו ווייסט אז איך וועל ניט טהאָן קיין שלעכטס און פון דיין האַנד קען קיינער ניט מציל זיין. רבא זאָגט: „איוב האָט געוואָלט די גאַנצע וועלט בעפרייען פון גאָטס משפט. ער האָט אַזוי גע־זאָגט: „רבונו של עולם! דו האָסט די וועלט בעשאפען אַזוי ווי דו האָסט געוואָלט, האָסט בעשאפען דעם גן עדן און האָסט בעשאפען דעם גיהנם, האָסט בעשאפען צדיקים און האָסט בעשאפען רשעים, ווער קען דיר דען פערוועהרען, דו טהוסט דאָך וואָס דו ווילסט, פאַר וואָס זאָלסטו דעם רשע בעשטראָפען, דו האָסט דאָך איהם אַזוי בעשאפען״. אויף דעם האָבען זיינע חברים געענטפערט: „גאָט האָט בעשאפען דעם יצר הרע,

האָט ער אויך בעשאַפען די תורה — אַ געגען מיטעל; זאָל דער מענש לערנען די תורה וועט ער ניט זינדיגען. (דאָרט).

רבה האָט געזאָגט: „איוב האָט געזאָגט פאר גאָט: „רבונו של עולם! פיליכט האָסטו געמאַכט אַ טעות און פערביטען פון איוב אויף אויב?“ (אַ פיינד).

האָט איהם גאָט געענטפערט: „פיעל האָאר האָב איך בעשאַפען אין מענשען, און יעדע האָאר האָב איך בעשאַפען אַ בעזונדער גריבעלע כדי צוויי האָאר זאָלען ניט זויגען פון איין גריבעלע, ווייל ווען צוויי האָאר וואָלטען געזויגען זייער קראַפט פון איין גריבעלע, וואָלט דאָס געמאַכט טונקעל די ליכט פון מענשענס אויגען, פון איין גריבעלע ביז דעם אַנדערן האָב איך ניט געמאַכט קיין טעות, וועל איך מאַכען אַ טעות פון איוב אויף אַ פיינד?

פיעל טראָפּען פון רעגען האָב איך בעשאַפען אין די וואָלקען, און יעדער טראָפּען געהט אַרויס פון אַ באַזונדערע פאָרם, ווייל ווען צוויי טראָפּענס וואָלטען אַרויס פון איין פאָרם וואָלט די וועלט געוואָרען אַ זומפּף און קיין פרוכט וואָלטען ניט געוואקסען, היינט אַז פון איין טראָפּען צום צווייטען האָב איך ניט געמאַכט קיין טעות, וועל איך מאַכען אַ טעות פון איוב אויף אַ פיינד?

פיעל קולות האָב איך בעשאַפען אין די וואָלקען, און יעדעס קול געהט פון אַ בעזונדער אָרט, און ווען צוויי קולות וואָלטען אַרויסגעגאַנגען פון איין אָרט וואָלטדיוועלט חרוב געוואָרען. פון איין קול צום צווייטען האָב איך ניט געמאַכט קיין טעות, וועל איך מאַכען אַ טעות פון איוב אויף אַ פיינד?

די שטיינבאָק איז אַן אונדערבאַרעמדיגע אויף איהרע קינדער, און ווען זי ברויך האָבען איהר קינד געהט זי אַרויף אויף אַ הויכען באַרג כדי איהר קינד זאָל אַראָפּפאַלען און גע'הרג'עט ווערען, שיק איך צו אַן אָדלער, וועלכער נעמט דאָס קינד אויף זיינע פליעגעל און לייגט דאָס נעבען זיין מוטער, און ווען דער אָדלער זאָל קומען מיט איין רגע פריהער אָדער שפּעטער וואָלט

דאָס קינד געוואָרען גע'הרג'עט, פון איין רגע צו די צווייטע מאך איך ניט קיין טעות, וועל איך מאַכען אַ טעות פון איוב אויף אַ פיינד? איוב לא בדעת ידבר ודבריו לא בהשכל" — איוב רעדט ניט מיט פערשטאַנד און זיינע ווערטער זענען ניט מיט שכל. (איוב ל"ד). (בבא בתרא ט"ז, א').

זיעבען נביאים זענען געוועזן וואָס האָבען נביאות געזאָגט צו די פעלקער פון דער וועלט, און דיעזע זענען: בלעם און זיין פאָטער, איוב, אליפז התימני, בלדד השוחי, צופר הנעמתי און אליהוא בן ברכאל הבוזי. (בבא בתרא, ט"ו ב').

רב יהודה האָט געזאָגט פאַר רב'ן:

ווען אויף איוב'ן זענען געקומען די אַלע צרות, זענען זיינע דריי חברים געקומען צו איהם: און אין איין טויער זענען זיי אריינגעגאַנגען. זיי האָבען געוואָהנט ווייט איינער פון אַנדערן דריי הונדערט מייל, און דאָך האָבען זיי געוואוסט איינער פון צווייטען, ווייל יעדער פון זיי האָט געהאַט אַ קרוין אויף וועלכען ס'איז געוועזן אויסגעקריצט די בילדער פון די אַנדערע דריי, און ווען עס איז געקומען עפּעס אַ צרה אויף איינעם פון זיי, איז זיין בילד טונקעל געוואָרען. אַנדערע זאָגען אַז יעדער פון זיי האָט געהאַט דריי בוימער, אַ בוים פאַר יעדען פריינד, און ווען ס'איז געקומען אַ צרה אויף איינעם פון זיי האָט זיין בוים אָנגעהויבען צו וועלקען.

רבא האָט געזאָגט: „דאָס זאָגען מענשען אַ שפּריכוואָרט: „אָדער אַזעלכע גוטע חברים ווי איוב'ס אָדער דער טויט". (בבא בתרה ט"ז, ב').

# בלעם.

און די מלכים פון מדין האָבען זיי גע'הרג'עט און בלעם בן בעור האָבען זיי גע'הרג'עט מיט דער שווערד (במדבר לא.)

וואָס האָט בלעם געטהאָן אין מדין? זאָגט רבי יוחנן: „ער איז געגאנגען נעמען בעצאָהלט פאר די פיער און צוואנציג טויזענד יודען, וואָס זענען געפאלען אין דער מדבר, א דאנק זיין עצה".

מר זוטרא האָט אין נאָמען פון רב געזאגט: „דאָס זאגען מענשען א שפּריכוואָרט: „דאס קעמעל איז געגאנגען בעטען הערנער, האָט מען איהם זיינע אויערן אויך אפּגעשניטען". (סנהדרין קו, א.).

בלעם איז געוועזען אויף איין פוס לאָם, און בלינד אויף איין אויג. (סוטה י, א.).

בעסער די קללה פון נביא אחיה השלוני, ווי די ברכה פון בלעם הרשע. (סנהדרין קו, א.).

# הורדוס המלך.

הורדוס איז אין זיין יוגענד א קנעכט געווען אין הויז פון די חשמונאים. האָט ער געוואלט הייראטהען מיט איינע פון די חשמונאים'ס טעכטער.

איינמאָל האָט ער געהערט ווי א בת קול זאגט:

„יעדער קנעכט וואס וועט יעצט א בונט מאכען געגען זיינע הערשער וועט האָבען ערפאָלג".

האָט הורדוס רעוואלטירט געגען די חשמונאים און האָט זיי אלע אויסגע'הרג'עט. און קיינעם האָט ער ניט איבערגעלאזען, אויסער דאָס קליינע מיידעל, אויף וועלכע ער האָט אן אויג גע־וואָרפען.

ווען זי האָט פארשטאנען, אז ער וויל זי נעמען פאר א ווייב, איז זי ארויף אויף א דאך און האָט אויסגעשריען:

„דער וואס וועט קומען און זאגען אז ער שטאמט פון די חשמונים איז א קנעכט, ווייל פון די חשמונאים איז קיינער ניט געבליעבען אויסער א קליין מיידעל, און דיעזע מיידעל וועט באלד שטארבען".

און זאגענדיג דאס האָט זי זיך אראָבגעווארפען פון דאך אויף דער ערד און איז געשטאָרבען.

הורדוס האָט איהר קערפּער בעהאלטען אין האָניג זיעבען יאָהר, כדי עס זאל אנהאלטען איהר פרישקייט.

ער האָט געוואוסט, אז די חכמים זענען געגען איהם, ער האָט אויך געהערט, אז זיי דערמאָנען דעם פאָלק דאס, וואס ס'איז געשריעבען אין דער תורה; אז נור א ברודער פון די יודען קען זיין דער יודישער קעניג. האָט ער אלע יודישע געלעהרטע: די חכמים און תנאים אויסגע'הרג'עט, נור איינעם פון זיי, בבא בן בוטא, האָט ער געלאזען לעבען, כדי ער זאל האָבען פון וועמען אנ'עצה צו פרעגען.

איינמאָל האָט ער אנגעטהון בבא בן בוטא'ן א קרוין געמאכט פון איגעל־פעל און דערביי האָט ער איהם מיט די שטעכענדיגע האָאָר פון די פעל די אויגען אויסגעשטאָכען.

ווען בבא בן בוטא איז שוין געווען אין גאנצען בלינד, איז הורדוס צו איהם געקומען, און ניט אויסגעבענדיג זיך אז ער איז דער קעניג, האָט ער געזאגט צו בבא בן בוטא:

„זעה וואס דער שלעכטער קנעכט האָט געטאָן, די חשמונאים און חכמים האָט ער אויסגע'הרג'עט".

„וואס קען איך איהם דען טהאָן?" האָט בבא בן בוטא געענטפערט, ניט וויסענדיג אז דאס איז דער קעניג.

„שילט איהם", האָט הורדוס ווייטער געזאגט.

„עס איז געשריעבען", האָט בבא בן בוטא געענטפערט „אויך (זאָגאר) אין דיינע געדאנקען זאָלסטו א קעניג ניט שילטען" (קהלת י, כ).

„אבער ער איז דאָך קיין קעניג ניט", האָט הורדוס ווידער געזאגט.

„ווען ער זאָל זיין בלויז א רייכער מאַן, טאָר איך איהם אויך ניט שילטען, אזוי ווי עס איז געשריבען (קהלת י.): און אין דיין שלאָף־צימער זאָלסטו ניט שילטען אַ רייכען", האָט בבא בן בוטא געענטפערט.

„און ווען ער זאָל זיין בלויז א נשיא", האָט ווייטער בבא בן בוטא געזאָגט, „טאָר איך איהם דאָך אויך ניט שילטען, אזוי ווי עס איז געשריבען (שמות כב, כז.): און אַ נשיא אין דיין פאָלק זאָלסו ניט שילטען".

„דאס איז אלעס", האָט דער קעניג געזאגט, „ווען ער פיהרט זיך ווי א יוד, אבער הורדוס פיהרט זיך ניט ווי א יוד".

„איך האָב מורא פאַר איהם", האָט בבא בן בוטא געענטפערט.

„דאָ איז דאָך קיינער ניטא, בלויז איך און דו", האָט דער קעניג געזאגט.

„ס'איז אבער דא א פסוק", האָט בבא בן בוטא געענטפערט, „אז אַ פויגעל פון הימעל קען אָוועקפיהרען דאָס קול" (קהלת י. כ).

„איך בין הורדוס", האָט דער קעניג אויסגעשריען.

„ווען איך וואלט געוואוסט, אז איהר זענט אזוי בעשיידען און פארזיכטיג, וואָלט איך אייך ניט אויסגעהרג'עט.

„און יעצט", האָט דער קעניג ווייטער געזאגט, „וואס זאל איך טהון נאָך דעם ווי איך האָב שוין אזוי פיעל בלוט פארגאסען, ווי אזוי קען איך האָבען א תשובה?"

האָט בבא בן בוטא געענטפערט:

„ער (הורדוס) האָט פארלאשען די ליכט פון דער וועלט, זאל ער מאכען לייכטען אן אנדער ליכט פון דער וועלט. ער האָט אויסגעהרג'עט די חכמים, וואס זענען די ליכט פון דער וועלט, זאָל ער מאכען לייכטען אנ'אנדער ליכט, דאס איז דאס בית המקדש".

אנדערע זאגען, אז ער האָט איהם געענטפערט אזוי:

„דער וואס האָט געמאכט בלינד די אויגען פון דער וועלט, דער וואס האָט אויסגעהרג'עט די חכמים, וואס זענען די אויגען פון דער וועלט, זאל ער זיך פארנעמען מיט אנ'אנדער אויג פון דער וועלט, דאס איז דאס בית המקדש".

„איך האָב מורא פאר דעם רוימישען קיסר", האָט הורדוס געענטפערט.

האָט בבא בן בוטא איהם אזא עצה געגעבען:

שיק אוועק צום רוימישען קעניג אנפרעגען, זאל דער שליח זיך אויפהאלטען אין וועג א גאנץ יאהר, דאס צווייטע יאהר זאָל ער זיך פארזאמען אין רוים. דער וועג צוריק זאל ביי איהם אויך נעמען א יאהר, און דורך די צייט פון דריי יאהר, וועסטו שוין האָבען דאס אלטע איינגעווארפען און א נייע בית המקדש וועט שוין זיין אויפגעבויט.

הורדוס האָט אזוי געטהאָן. און ווען ס'זענען אוועק די דריי יאהר, איז דער שליח צוריקגעקומען פון רוים און האָט איהם איבערגעגעבען פון דער רוימישער רעגיערונג דיעזען ענטפער:

„אויב דו האָסט דאָס אלטע נאָך ניט צושטערט, זאלסטו דאָס לאָזען גאנץ, אויב דו האָסט דאָס אלטע שוין צושטערט,

זאָלסט: קיין נייע בית המקדש ניט אויפשטעלען, נור אויב דו האָסט דאָס אַלטע שוין צושטערט און אַ נייע בית המקדש שוין אויפגעבויט, ביסטו אַ חוצפה'דיגער קנעכט נאָך דעם ווי מען האָט שוין אָבגעטהאָן שיקט מען פרעגען?

אויב דו שטאָלצירסט מיט דיין וואפען, האָבען מיר דאָ דיין יחוס בוך, דו ביסט ניט קיין מלך און ניט קיין בן מלך, דו ביסט אַ קנעכט!"

אבער דער בית המקדש איז שוין געווען פערענדיגט. און מען פלעגט זאָגען, אַז ווער ס'האָט ניט געזעהן דעם בנין פון הורדוס, דער האָט קיין שעהנעם בנין קיינמאָל ניט געזעהן.

מיט וואס האָט ער דעם נייעם בית המקדש געבויט?

רבה זאגט: ער האָט דאס געבויט מיט גרינע און ווייסע מאַרמאָר־שטיינער, אבער אנדערע זאגען, אַז ער האָט דאס געבויט מיט גרינע, ווייסע און בלאָע מאַרמאָר־שטיינער.

די ווענד האָט ער געוואָלט בעציערען מיט גאָלד, האָבען די רבנן געזאגט צו איהם, אַז אַזוי איז בעסער, ווייל ס'זעהט אויס אַזוי ווי די וועלען פון אַ שטורמדיגען ים. (בבא בתרא ג. וד.)

# חורבן ירושלים.

(איכה א, ב): „וויינען, וויינט זי בײנאַכט״.

רבה האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי יוחנן:

„וועגען די צוויי בתי מקדשים וואס זענען חרוב געוואָרען, קלאָגט דער נביא צוויי מאָל״. (סנהדרין קד, א.).

אויך די שטערען וויינען מיט דעם, וואס וויינט בײנאַכט. (דאָרט).

רבי חייא בן אבין האָט דערצעהלט אין נאָמען פון רבי יהושע בן קרחה, איינמאָהל האָט מיר אן אַלטער מאַן פון ירושלים דער־צעהלט:

אין דיעזען טהאָל האָט נבוזראדן, דער הויפּט פון מיליטער, דער׳הרג׳עט צוויי הונדערט און עלף צעהנדליגער טויזענדער. (רבוא׳ס).

און אין ירושלים האָט ער גע׳הרג׳עט פיער און נײנציג צעהנער טויזענדער אויף איין שטיין, ביז דאס בלוט פון די הרוגים האָט אנגעריהרט אין דעם בלוט פון דעם נביא זכריה. ווען נבוזראדן האָט געזעהן דאס בלוט פון זכריה הנביא, דאָס בלוט וואָס האָט קיינמאָל ניט גערוהט, האָט ער געפרעגט: „פון וואַנען איז דאָס בלוט?״

„דאָס בלוט איז״, האָבען די יודען געענטפערט, „פון קרבנות וואָס איז פארגאסען געוואָרען״.

האָט נבוזראדן געהייסען ברענגען בלוט פון קרבנות, דאס איז אבער ניט געווען עהנליך צום בלוט פון נביא.

דאן האָט ער געזאגט צו די יודען:

„ווערט איהר מיר דעם אמת זאגען, איז גוט, ווען ניט אבער, וועל איך אייער לייב מיט אייזערנע קאמען רייסען״.

האָבען די יודען געענטפערט.

„מיר האָבען א נביא געהאט, האָט ער מיט די ווערטער פון

גאָט אונז געשטראפט, האָבען מיר איהם אין בית המקדש דער־הרג'עט. זייט דאן זענען שוין פיעל יאהרען אוועק, אבער דאס בלוט וויל ניט רוהען".

„אבער איך", האָט נבוזראדן געענטפערט, „וועל דאס בלוט שטיל מאכען".

ער האָט דאן געגעבען א באפעהל, אז מען זאל אלע סנהדרין ברענגען, און האָט זיי אויפ'ן בלוט פון זכריה געשאכטען. אבער דאָס בלוט האָט אלס זיך ניט איינגעשטילט. דאן האָט ער גע־שאָכטען אלע יודישע בחורים און בתולות; אבער ווען דאס בלוט האָט אלס זיך ניט איינגעשטילט, האָט ער אלע קינדער פון די שולען אויסגעשאָכטען. און ווען דאָס בלוט האָט אלץ ניט גערוהט, האָט ער אויסגעשריען „זכריה, זכריה! די בעסטע פון דיין פאלק האָב איך שוין אויסגעשאכטען, ווילסטו דען, אז איך זאל אלע אומברענגען?" דאן האָט דאס בלוט זיך איינגע־שטילט.

נאָך די אלע גרוילזאמקייטען האָט נבוזראדן געזאגט: די יודען האָבען נור איין מענשען גע'הרג'עט, האָט גאָט זיי אזוי שרעקליך באשטראפט; איך האָב אזוי פיעל צעהנדליגער טויזענ־דער געשאָכטען, ווי שרעקליך וועט מיין שטראָף זיין! דאן איז ער אוועק און האָט זיך מגייר געווען. (גיטין נז, ב.)

דער רוימישער קעניג האָט געשיקט נירון קיסר. און ווען נירון איז געקומען מלחמה האַלטען מיט די יודען, האָט ער גע־ווארפען א פייל צו מזרח, איז די פייל געפאלען אויף ירושלים; האָט ער געווארפען צו מערב, איז ווידער די פייל געפאלען אויף ירושלים; האָט ער געוואָרפען אין אלע זייטען, אָבער די פיילען זענען אלס אויף ירושלים געפאלען.

האָט ער געפרעגט א קליין יודיש יונגעל: „זאָג מיר, וואס האָסטו היינט אין שולע געלערנט?"

האָט דאס קינד געענטפערט:

„איך האָב דיעזען פסוק פון תנ"ך געלערנט: „און מיין נקמה

וועל איך געבען אין אדום, דורך מיין פאָלק ישראל". (יחזקאל כה, יד.).

דאן האָט נירון קיסר געזאגט:

„זיין הויז וויל גאָט חרוב מאכען, אבער זיינע הענד, וויל ער, אין דיעזען מענשען זיך אבווישען".

נירון איז אוועק און האָט זיך מגייר געווען, און פון זיינע קינדער קומט ארויס רבי מאיר. (גיטין נו, א.).

„דאָס קול איז פון יעקב, אבער די הענד פון עשו" (בראשית כז, כב.).

„קול" מיינט אדריינוס קיסר, וואס האָט אין די שטאָדט אלכסנדריה פון מצרים גע'הרג'עט צוויי מאָל אזוי פיעל יודען, מעהר ווי די וואס זענען פון מצרים ארויסגעגאנגען.

„קול יעקב" מיינט אספיינוס קיסר, וואס האָט אין דער שטאָדט ביתר גע'הרג'עט פיער הונדערט טויזענד. אַנדערע זאָגען פיער טויזענד צעהנדליגער טויזענדער. (רבוא'ס).

„און די הענד זענען פון עשו", דאס מיינט די רוימישע מאַכט, וואס האָט חרוב געמאכט אונזער היים, אונזער בית המקדש פערברענט, און אונז אליין פון אונזער הייליג לאנד פארטריבען. (גיטין נז, ב.).

רב יהודה האָט געזאגט אין נאָמען פון רבן שמעון בן גמליאל:

„פיער הונדערט שולען זענען געווען אין דער שטאָדט ביתר, און אין יעדע שול איז געווען פיער הונדערט מלמדים, יעדער מלמד האָט געהאט פיער הונדערט קינדער. ווען דער פיינד איז אריין אין שטאָדט, האָבען די קינדער זיי געשטאָכען מיט זייערע טייטלען, אבער ווען דער שונא איז געווארען פארשטארקט מיט נייע רוימישע סאלדאטען, האָבען זיי די קינדער בעזיעגט, און זיי איינגעוויקעלט אין זייערע ספרים, און אלעמען אין פייער פער־ברענט". (גיטין נח, א.).

רבי יהושע בן לוי האָט געזאגט:

ירושלים איז ניט חרוב געווארען, ביז זיעבען פאמיליעס, וואָס האָבען גע'משפט און געהערשט איבער די יודען, האָבען גע־

דיענט די עבודה זרה. די זיעבען משפּחות זענען: 1) ירבעם בן נבט, 2) בעשא בן אחיה, 3) אחאב בן עמרי, 4) יהוא בן נמשי, 5) פּקח בן רמליהו, 6) מנחם בן גדי, 7) און הושע בן אלה, אזוי ווי עס איז געשריבען (ירמיה טו, ט). „פערשניטען איז די וואס האָט געבוירען די זיעבען, זי האָט אויסגעאטהעמט איהר זעעלע, איהר זון איז אונ־טערגעגאנגען ווען ס'איז נאָך טאָג געוועזען". (גיטין פח, א.).

רבי יהושע בן חנניא איז איינמאָל אָנגעקומען אין אַ גרויסע־שטאָדט אין רוים, האָט מען איהם דערצעהלט, אז אין געפענגעניס געפינט זיך א יודיש יונגעל, זעהר א שעהנער, מיט ליכטיגע אוי־געליך, און געקרייזעלטע לאָקען. אין רבי יהושע געגאנגען צום געפעננגיס און האָט זיך געשטעלט ביים טהיר, און האָט געזאגט דעם פּסוק (ישעיה מב): „ווער האָט יעקב'ן איבערגעגעבען צו רויב, און ישראל צו די רויבערם?" האָט דאס קינד איהם גע־ענטפערט, דאס וואס עס שטעהט ווייטער: „דאס איז גאָט, ווייל מיר האָבען צו איהם געזינדיגט און מיר האָבען ניט געוואלט געהן אין זיינע וועגען".

האָט רבי יהושע בן חנניא געזאגט: „איך בין זיכער, אז ער וועט זיין ארבי, און אַ ריכטער ביי יודען, איך וועל ניט אַוועק־געהן פון דאנען ביז איך וועל איהם אויסלייזען, איך וועל פאר איהם געבען וויפיעל געלד מען וועט פארלאנגען.

און ער איז טאקע ניט אוועק פון דארט, ביז ער האָט איהם אויסגעלייזט פאר זעהר פיעל געלד.

אין א צייט שפּעטער איז ער טאקי געווארען א רבי און א ריכטער ביי יודען, דאס איז געוועזען רבי ישמעאל בן אלישע. (גיטין נח, א.).

זיעבען יאהר האָבען די פעלקער פון דער וועלט זייערע פעל־דער ניט געמיסטיגט, ווייל זיי האָבען באגאָסען זייערע פעלדער מיט דעם בלוט פון די יודען. (גיטין נו, א.).

האָט רבי יצחק געזאגט:

ווען דער בית המקדש איז חרוב געווארען, האָט גאָט געפונען

אברהם אבינו שטעהן אין בית המקדש. האָט ער איהם גע־פרעגט:

„וואס וויל מיין פריינד אין מיין הויז?"

האָב אברהם אבינו געענטפערט:

„וועגען מיינע קינדער בין איך געקומען".

„דיינע קינדער האָבען געזינדיגט, און זענען פארטריבען גע־וואָרען אין גלות", האָט גאָט געענטפערט.

„האָבען זיי פיליכט געזינדיגט אומגערן " — האָט אברהם אבינו געפרעגט.

„זיי האָבען געזינדיגט במזיד", האָט גאָט געענטפערט.

„פיליכט האָט נור א קליינער טהייל פון זיי געזינדיגט?, האָט אברהם ווידער געפרעגט.

„די מערהייט פון זיי האָבען געזינדיגט", האָט גאָט געענט־פערט.

„דו האָסט געדארפט געדענקען דעם זכות פון ברית מילה", האָט אברהם געזאגט.

„זיי האָבען זייערע קינדער ניט מלה געווען", האָט דער איי־בערשטער געענטפערט.

„ווען דו וואָלסט אביסעל געווארט, וואלטען זיי פיליכט גע־טהאָן תשובה?" האָט אברהם ווייטער געזאגט.

„ווען זיי טהוען שלעכטס זענען זיי פרעהליך", האָט גאָט געענטפערט.

האָט אברהם אבינו ארויפגעלייגט זיינע הענד אויפ'ן קאָפּ און וויינענדיג האָט ער געזאגט: „פיליכט זענען זיי חלילה שוין פערפאלען?"

איז ארויס א בת קול און געזאגט: „די יודען זענען פער־גליכען צו אן איילבערט. אזוי ווי דער איילבערט, ווערען די פרוכטען שפּעט צייטיג, און קומען אויף א מאָל, אזוי וועלען די יודען שפּעטער אויף אמאָל אויפבליהען". (מנחות נג, ב.).

די רבנן דערצעהלען: ווען דאס בית המקדש איז חרוב גע־וואָרען צום צווייטען מאָל, האָבען זיך געפונען ביי יודען א סך

מענשען, פרושים, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען ניט צו עסען קיין פלייש און ניט צו טרינקען קיין וויין.

איז צו זיי געקומען רבי יהושע און האָט צו זיי געזאגט:

„מיינע קינדער! ווארום עסט איהר ניט קיין פלייש און טרינקט ניט קיין וויין? האָבען זיי געענטפערט: „ווי אזוי קע־נען מיר עסען פלייש, וואָס פון דעם האָט מען מקריב געווען אויפ'ן מזבח און היינט איז דאס מעהר ניטא. ווי אזוי קענען מיר טרינקען וויין, וואס פון דעם פלעגט מען גיסען אויפ'ן מזבח און היינט איז קיין מזבח ניטא". האָט רבי יהושע צו זיי גע־זאגט: „אויב אזוי דארפען מיר דאָך אויך קיין ברויט ניט עסען, ווייל פון מעהל פלעגט מען ברענגען א קרבן מנחה".

„מען קען לעבען מיט פרוכטען", האָבען זיי געענטפערט.

„זאלען מיר קיין פרוכטען אויך ניט עסען, ווייל די יודען פלעגען ברענגען בכורים אין בית המקדש", האָט רבי יהושע גע־זאגט.

„מען קען לעבען מיט אנדערע פרוכטען", האָבען די פרושים געענטפערט.

„זאלען מיר קיין וואסער ניט טרינקען", האָט רבי יהושע גע־זאגט, „ווייל צייט דעם בית המקדש איז חרוב געווארען, איז דאך בטל געווארען נסוך המים".

האָבען די פרושים געשוויגען. האָט רבי יהושע צו זיי גע־זאָגט: „מיינע קינדער! איך וועל אייך זאגען: עס איז אמת, אז מיר מוזען טרויערן, ווייל אויף אונז איז נגזר געווארען אזא שרעקליכע גזרה, אבער צופיעל טרויערען קענען מיר ניט, ווייל די חכמים מעגען איינפיהרען נור אזעלכע דינים, וועלכע די מערהייט פון פאָלק קענען פארטראָגען". (בבא בתרא ס, א.)

איינמאָל זענען רבן גמליאל, רבי אלעזר בן עזריה, רבי יהושע און רבי עקיבא געגאנגען אין וועג. האָבען זיי דערהערט די גע־שרייען פון די פרעהליכע רוימער פון פטילוס, דאס איז געווען הונדערט און צוואנציג מייל ווייט.

האָבען די חכמים אנגעהויבען צו וויינען, אבער רבי עקיבא האָט געלאכט.

האָבען די חכמים געפרעגט רבי עקיבא׳ן: „וואָרום לאכסטו?"

האָט רבי עקיבא געענטפערט: „ווען איך זעה, אז די רוי־מער, וועלכע זענען געצענדיענער און רשעים, דאך גיט זיי גאָט אזוי פיעל גוטס, וועט ער דאך די יודען זיכער געבען מעהר גליק".

א צווייטען מאָל זענען די חכמים געגאנגען קיין ירושלים, ווען זיי זענען געקומען צום הר הצופים, האָבען זיי די קליידער צוריסען. און ווען זיי זענען געקומען צום אָרט וואו דאס בית המקדש איז געשטאנען, האָבען זיי געזעהן א פוקס ארומלויפען, האָבען זיי אָנגעהויבען וויינען, אָבער רבי עקיבא האָט געלאכט. האָבען די חכמים געפרעגט רבי עקיבא׳ן: „וואָרום לאכסטו?"

האָט ער זיי געענטפערט:

ווען איך זעה אז די נבואה פון אוריה:

„אז ירושלים וועט זיין ווי א וויסט פעלד" — איז מקוים געווארען, ווייס איך, אז אויך די נבואה פון זכריה הנביא וועט אויך מקוים ווערען. ער האָט געזאגט נבואות, אז ירושלים וועט ווערען צוריק אויפגעבויט, און די יודען וועלען פריי ווערען פון גלות (זכריה ח). (מכות כד, א, וב.).

רב האָט געזאגט א זיפץ צוברעכט א האלבען קערפער פון א מענשען, אזוי ווי עס איז געשריעבען (יחזקאל כא): ואתה בן אדם האנח בשברון מתנים ובמרירות תאנח" — דו בן אדם! זיפץ מיט צובראכענע לענדען, און מיט ביטערקייט זאל־סטו זיפצען". רבי יוחנן זאגט, אז דאס זיפצען צוברעכט דעם גאנצען קערפער פון מענשען. אזוי ווי עס איז געשריעבען (דאָרט): און ס׳וועט זיין ווען זיי וועלען צו דיר זאגען: „פאר־וואס זיפצסטו? זאלסטו זאגען: וועגען דער נאכריכט (שמועה) וואָס איז אנגעקומען, און יעדעס הארץ וועט צוגעהן, און אלע הענד וועלען שוואַך ווערען, און יעדער גייסט וועט ווערען מוט־לאָז, און אלע קניען וועלען ווערען ווי וואסער.

א יוד און א גוי זענען צוזאמען געגאנגען אין וועג, האָט דער גוי ניט געקענט געהן אזוי שנעל ווי דער יוד.

דער גוי האָט דערמאָנט דעם יוד פון דעם חורבן בית המקדש, איז דער יוד געווארען בלאַס, און האָט געזיפצט, און דאָך האָט דער גוי ניט געקענט דערגרייכען דעם יוד, וועלכער איז געגאנגען שנעלער פון איהם.

האָט דער גוי געפרעגט דעם יוד: „איהר זאָגט דאָך, אז אַ זיפץ צוברעכט אַ האַלבען קערפער פון אַ מענשען?“

האָט דער יוד איהם געענטפערט: „דאס איז נור ווען מען זיפצט אויף א נייע אונגליק, אבער חורבן בית המקדש איז אן אונגליק, צו וועלכען מיר זענען שוין צוגעוואוינט.

און דאס זאגען מענשען א שפריכווארט: „די פרוי, וועלכע האָט שוין א סך קינדער בעגראבען, שרעקט זיך שוין מעהר ניט פאַר דעם טויט“. (כתובות סב, א.).

דער וואס טרויערט אויף ירושלים, איז זוכה צו זעהן די פרייד פון ירושלים. (בבא בתרא ס. א.).

# אויף קדוש השם.

איינמאָל האָט די רוימישע רעגיערונג אַרויסגעגעבען אַ גזרה, אַז די יודען זאָלען מעהר די תורה ניט לערנען.

וואָס האָט רבי עקיבא געטהאָן? ער האָט פאַרזאַמעלט יודען אין גרויסע מאַסען און האָט פאַר זיי געלערנט די תורה.

האָט פפוס בן יהודה איין טאָג געפונען רבי עקיבא'ן ווען ער האָט געלערנט די תורה עפענטליך צו די יודען.

האָט פפוס איהם געפרעגט: „עקיבא, האָסט גאָר קיין מורא ניט פאַר די רוימער?"

„הער", האָט ער איהם געענטפערט, „דאָס איז מיט אונז אַזוי ווי מיט די פיש, וועלכע אַ פוקס, שפּאַצירענדיג איינמאָל ביים ברעג פון טייך, האָט געזעהן, אַז זיי לויפען אַרום אין וואַסער אַהין און אַהער. האָט ער זיי געפרעגט:

„פאַר וואָס לויפט איהר אַזוי אַרום?"

„פאַר די נעצען", האָבען זיי געענטפערט, „וואָס די מענשען ברענגען אונז צו פאַנגען".

„ווילט איהר", האָט דער פוקס געזאָגט, „קומט אַרויף אויף דער יבשה, וועלען מיר וואָהנען צוזאַמען אַזוי ווי מיינע עלטערן האָבען געוואָהנט מיט אייערע פריינדליך".

„אויף דיר", האָבען די פיש אויסגעשריען, „זאָגט מען, אַז דו ביסט דער קלוגסטער פון אַלע חיות! דו ביסט דאָך גאָר אַ נאַר! אויב מיר האָבען מורא ווען מיר זענען דאָרט, וואו אונזער לעבען איז, וועלען מיר זיך דאָך פיעל מעהר שרעקען דאָרט, וואו מיר מוזען שטאַרבען!"

„אַזוי איז אויך", האָט רבי עקיבא ווייטער געזאָגט, „מיט אונז, ווען מיר לערנען די תורה, וואָס אין איהר איז געשריבען (דברים ל, כ): זי איז דיין לעבען און דערלענגערט דיינע טעג,

און דאך האָבען מיר מורא, מיט וויעפיעל מעהר ווע‏לען מיר מורא האָבען ווען מיר ווע‏לען די תורה ניט ‏לערנען?"

אין עט‏ליכע טעג שפּעטער האָבען די רוימער געכאַפּט רבי עקיבא'ן און איהם אריינגעזעצט אין געפענגניס, און אויך פּפּוס'ן האָבען זיי אריינגעזעצט נעבען איהם.

ווען רבי עקיבא האָט איהם דערזעהן האָט ער איהם געפרעגט: ווער האָט דיך אין געפענגניס געברענגט?"

„וואויל איז דיר, רבי עקיבא!" האָט פּפּוס געענטפערט, „ווייל דו זיצסט צו‏ליעב דער תורה, אָבער וועה איז מיר, וואָס איך בין אין געפענגניס צו‏ליעב נאַרישקייטען". (ברכות סא, ב.)

ווען די רוימער האָבען ארויסגעפיהרט רבי עקיבא'ן צו דער הריגה, איז דאס גראדע געווען די צייט פון קריאת שמע.

די רוצחים האָבען מיט אייזערנע קאמען זיין ‏לייב געריסען, אבער רבי עקיבא האָט מיט רוהיגקייט געזאגט קריאת שמע.

און צו זיינע ת‏למידים האָט ער געזאגט: „א‏לע מיינע יאהרען האָב איך געשטרעבט צו פערווירק‏ליכען דעם „בכ‏ל נפשך", דאָס מיינט, אַז דו זאָלסט ‏ליעב האָבען גאָט זאָגאר ווען די שונא'ם וועלען דיין נשמה ארויסנעמען פאר דיין ‏ליעבע צו גאָט, און יעצט ווען איך בין צו דעם נסיון געקומען, זא‏ל איך דען איהם ניט אויסהאלטען?"

און דאָס וואָרט „אחד" האָט ער ‏לאנג געצויגען, ביז זיין נשמה איז איהם אויסגעגאנגען.

איז ארויס א בת קו‏ל פון הימע‏ל און געזאגט: וואוי‏ל איז דיר רבי עקיבא, וואס דיין נשמה איז ארויס מיט'ן וואָרט „אחד". (דאָרט).

די רבנן דערצעה‏לען:

ווען רבי יוסי בן קסמא איז קראנק געווארען, איז רבי חנינא בן תרדיון געקומען איהם מבקר חולה זיין.

„ברודער חנינא!" האָט רבי יוסי געזאגט, „די רוימער האָט מען פון הימע‏ל געמאכט אזוי גרויס, זיי האָבען חרוב געמאכט ירושלים און פערברענט דעם בית המקדש, די צדיקים האָבען זיי

אויסגע'הרג'עט, און זענען נאָך היינט אזוי שטארק, און מען זאגט, אז דו לערנסט מיט די יודען עפענטליך אין א ספר תורה".

„זאָל גאט פון הימעל זיך מרחם זיין איבער אונז!" האָט רבי חנינא אויסגעשריען.

האָט רבי יוסי ווייטער געזאגט „איך זאג דיר וועגען דער סכנה, וואס הענגט איבער אונז, און דו ענטפערסט מיר: „זאָל מען פון הימעל רחמנות האָבען איבער אונז". איך האָב מורא פאר דיר, אז זיי זאָלען דיך ניט פערברענען צוזאַמען מיט דער ספר תורה".

רבי חנינא האָט איהם דאַן געפרעגט:

וועל איך האָבען עולם הבא?

„דערצעהל מיר פון די גוטע זאכען וואָס האָבען זיך דיר געטראָפען", האָט רבי יוסי איהם געבעטען.

„געלט, וואָס מען האָט מיר געשיקט פורים שלח מנות", האָט רבי חנינא דערצעהלט „האָט זיך מיר צוזאמענגעמישט מיט דעם געלט פון צדקה, דאַן האָב איך אלעס פאר אָרימע לייט צוטיילט".

„אויב אזוי", האָט רבי יוסי געזאָגט, „זאָל מיין חלק און מיין גורל זיין אַזוי ווי דיינער".

אין אַ קליינע צייט שפעטער איז רבי יוסי בן קסמא געשטאָרבען, און ווייל ער איז געווען בעקאנט מיט די גרעסטע מלוכה לייט פון רוים, זענען זיי אלע געקומען צו זיין לויה, און צוריקגעהענדיג, האָבען זיי געפונען רבי חנינא בן תרדיון מיט אַ ספר תורה אין זיין האַנד ווען ער האָט פאר אַן עדה פון יודען די תורה געלערנט. די רוימער האָבען איהם אַרעסטירט און פעראורטיילט צו פערברענען לעבעדיגערהייט. דאַן האָבען זיי איהם איינגעוויקעלט אין דער ספר תורה, און אַזוי האָבען זיי איהם אין פייער אריינגעוואָרפען, און ווייכע וואָל האָבען די רוצחים אין וואסער געווייקט און דאָס האָבען זיי אויף זיין הארץ ארויפגעלייגט, כדי ער זאָל ניט באַלד שטאַרבען. דאָס האָבען די שונאים געטהאָן, ווייל זיי האָבען זיינע יסורים

געוואָלט מאַכען נאָך שרעקליכער מיט דעם וואָס ער וועט לעבעדיגערהייט ברענען.

זיין טאָכטער, וועלכע האָט דעם גרויזאמען טויט פון איהר פאָטער צוגעזעהען, האָט אויסגעשריען: „וועה איז מיר! פאָטער, וואָס איך זעה דיך אַזוי“.

„ווען“, האָט רבי חנינא געזאָגט, „איך אַליין וואָלט פאַר־ברענט געוואָרען, וואָלט מיר זעהר שווער געווען, אָבער אַז איך ווער פערברענט צוזאמען מיט דער ספר תורה, ווייס איך, אַז דער וואָס וועט פאָדערן פאר די שאנדע פון די ספר תורה, וועט אויך נקמה נעמען פאר מיר“.

דאן האָבען איהם זיינע תלמידים געפרעגט:

„רבי, וואָס זעהסטו?“

„פאַרמעט“ האָט רבי חנינא געענטפערט, „זעה איך ברענען, אָבער די אותיות פליהען העכער...“

„רבי“, האָבען די תלמידים געזאָגט, „עפען דיין מויל, כדי דאָס פייער זאָל אין דיר אריין, וועסטו דערמיט מאַכען אַן ענדע צו די שרעקליכע ליידען“.

„בעסער“, האָט רבי חנינא געענטפערט. „זאָל דער וועל־כער האָט די נשמה מיר געגעבען זי צוריקנעמען, אָבער איך אַליין וועל דאָס ניט טהון“.

דער רוימישער תליון, וואָס האָט איהם הינגעריכטעט, האָט, צוזעהענדיג דאָס אַלעס, געזאָגט צו רבי חנינא בן תרדיון: רבי, אויב איך וועל גרעסער מאַכען דאָס פייער און די נאַסע וואָל פון דיין הארצען אַרונטערנעמען, וועסטו מיר צוזאָגען אַז איך וועל האָבען עולם הבא?

„יא“ האָט רבי חנינא געענטפערט.

„שווער מיר צו“, האָט דער תליון ווייטער געזאָגט.

האָט רבי חנינא איהם צוגעשוואָרען. דער תליון האָט דאַן די נאַסע וואָל פון זיין הארצען ארונטערגענומען, און דאָס פייער גרעסער געמאַכט.

און תכף איז די נשמה פון רבי חנינא בן תרדיון אויס־געגאַנגען.

דער הינריכטער איז דאַן אין פייער אריינגעשפּרונגען און איז אויך פערברענט געוואָרען צוזאַמען מיט איהם.

דאַן איז אַרויס אַ בת קול פון הימעל און געזאָגט:

„רבי חנינא בן תרדיון און זיין הינריכטער וועלען האָבען דאָס לעבען פון עולם הבא".

האָט רבי (יהודה הקדוש) געוויינט און געזאָגט:

„איינער קויפט זיך אמאָל זיין וועלט נור אין איין שעה, און איינער קויפט זיך זיין וועלט אין זעהר פיעל יאָהרען".
(עבודה זרה יח, א.)

חנה מיט איהרע זיעבען זיהן זיינען געפאַנגען געוואָרען פון די רוימער. ווען זיי האָבען די געפאַנגענע צום קיסר געברענגט, האָט ער געזאָגט צום עלטסטען זוהן: „בוק זיך צום אָפּגאָט".

„מיר האָבען נור איין גאָט" האָט דער זוהן געענטפערט, „אזוי איז געשריעבען אין דער תורה: "אנכי ה' אלהיך".

דער קיסר האָט דאַן געגעבען אַ בעפעהל צו זיינע דיענער, און זיי האָבען איהם אַרויסגעפיהרט און דער'הרג'עט.

אזוי האָט דער קיסר באַפוילען צו אלע זיהן, אַז זיי זאָלען זיך בוקען צום אָפּגאָט, אָבער די קינדער האָבען מיט פּסוקים פון תנך געענטפערט, אַז זיי וועלען טריי בלייבען צו גאָט, און וועלען זיך ניט בוקען צו דעם רוימישען אָפּגאָט. און די רוצחים האָבען זיי איינציגווייז אויסגע'הרג'עט, ביז ס'איז געקו־מען צום לעצטען זוהן. ווען דער קיסר האָט דערזעהן דעם יונגסטען פון זיי, האָט ער איהם גענומען איינריידען אַז ער זאָל זיך בוקען צום אָפּגאָט. דער קיסר האָט געדענקט אַז ער וועט דעם יונגסטען קענען איבעררייִדען, ווייל ער איז נאָך געוועזן כמעט אַ קינד. אָבער ווי איבערראַשט איז ער געוואָרען, ווען דאָס קינד האָט איהם געענטפערט: „מיר האָבען גע־שוואָרען צו גאָט אַז מיר וועלען קיין פרעמדע געטער ניט

דיענען און ער האָט אונז צוגעשוואָרען אַז ער וועט אונז ניט פערבייטען פאר אַן אַנדער פאָלק.“

דער קיסר האָט דאַן געזאָגט צום קינד: „דו ביסט נאָך אַזוי יונג, דו האָסט נאָך גאָר די וועלט ניט געזעהן, זעה, דיינע ברידער ליעגען אַלע טויט, איך וואָלט ניט געוואָלט אַז דו זאָלסט ליעגען מיט זיי צוזאַמען. איך וועל מיין רינג אַראָפּ־וואַרפען וועסטו זיך צו דער ערד איינבייגען דעם רינג אויפצו־הייבען, וועלען מענשען זאָגען אַז דו האָסט צום אָפּגאָט זיך געבוקט, וועסטו זיין גערעטעט“.

„אָ! קעניג“, האָט דאָס קינד אויסגעשריען, „דו ווילסט אַז איך זאָל פאר דיין כבוד וועגען אַזוי טהון, אָבער דער כבוד פון גאָט איז איבער אַלעס, בעסער וועל איך שטאַרבען פאר גאָט און זאָלען מענשען ניט זאָגען אַז איך האָב צום אָפּגאָט זיך געבוקט“.

דער קיסר האָט דאַן אַ בעפעהל געגעבען אַז מען זאָל איהם הרג׳ענען.

„גיט מיר מיין קינד“, האָט די מוטער זיך געבעטען, „זאָל איך איהם אַ קוש טהון איידער איהר הרג׳עט איהם“. און צום קינד האָט זי געזאָגט:

„מיינע קינדער! געהט צו אונזער פאָטער אברהם און זאָגט איהם: „דו האָסט איין מזבח אויפגעשטעלט, און דיין זוהן געוואָלט מקריב זיין פאר גאָט, איך האָב זיעבען מזבחות אויפגעשטעלט, און מיינע זיעבען קינדער מקריב געווען פאר גאָט!“

און ווען די מערדער האָבען דאָס לעצטע קינד דער׳הרג׳עט, האָט די פרוי זיך פון דער הויך אַראָפּגעוואָרפען און איז אויך געשטאָרבען.

אויף זיי קלאָגט דער משורר (תהלים מד): „כי עליך הורגנו כל היום נחשבנו כצאן טבחה“ — צוליעב דיר, גאָט ווערען מיר דערשלאָגען דעם גאַנצען טאָג, מיר זענען, ווי די שאָף צו דער שחיטה. (גיטין נז, ב.)

איינמאָל זענען פיער הונדערט יונגלעך און מיידלעך גע-פאַנגען געוואָרען פון די רוימער. ווען די קינדער האָבען פערשטאַנען וואָס מען וויל מיט זיי טהון, האָבען זיי געפרעגט: „ווען מיר ווערען זיך אין ים דערטרינקען, ווערען מיר לעבען אין די קומענדע וועלט?"

האָט דער גרעסטער פון זיי ערקלערט פאָלגענדעס: „אין תהלים איז געשריעבען (תהלים סח): „אמר ה' מבשן אשיב, אשיב ממצלות ים" — „פון בשן וועל איך צוריקברענגען", דאָס מיינט פון די ציינער פון די לייבען, „איך וועל צוריקברענגען פון די טיעפענישען פון ים", דאָס מיינט די וואָס דערטרינקען זיך אין ים". דאן זענען די מיידלעך גלייך אריינגעשפרונגען אין ים אריין און דערטרונקען געוואָרען. די יונגלעך, צוזעהענדיג דאָס העלדישקייט פון די מיידלעך, האָבען זיך גענומען א ביישפיעל, און אלע האָבען זיך אין וואַסער אַריינגעוואָרפען. אויף אַזעלכע קדושים איז געשריעבען: כי עליך הורגנו כל היום נחשבנו כצאן טבחה. (תהלים מד, כג.) צוליעב דיר ווערען מיר דערשלאָגען דעם גאנצען טאָג, מיר זענען גערעכענט ווי די שאָף צו דעם שעכטען. (דאָרט).

# צ י ו ן.

רב אַמי און רב אסי זענען געזעסען ביי רב יצחק נפּחא, איינער האָט געבעטען אַז רבי יצחק זאָל זאָגען עפּעס הלכה, דער אַנדערער האָט געבעטען אַז ער זאָל זאָגען עפּעס אגדה.

רבי יצחק האָט אָנגעהויבען זאָגען עפּעס אגדה, האָט דער וואָס האָט געוואָלט הלכה איהם ניט געלאָזען. האָט ער אָנגע־הויבען זאָגען הלכה; האָט דער וואָס האָט געוואָלט אגדה איהם ניט געלאָזען.

„איך וועל אייך געבען אַ משל", האָט רבי יצחק געזאָגט צו זיי:

„אַ מאַן האָט געהאַט צוויי ווייבער, איינע איז געווען אַ יונגע און די אַנדערע איז געווען אַ אַלטע, די אַלטע פלעגט איהם אויסרייסען די שוואַרצע האָאָר פון קאָפּ, און די יונגע פלעגט איהם אויסרייסען די ווייסע האָאָר, די ענדע איז געווען אַז דער מאַן איז געבליבען אַ פּליכעוואַטער..."

„איך וועל אייך זאָגען עפּעס וואָס איז גוט פאר אייך ביידע", האָט רבי יצחק ווייטער געזאָגט, „עס שטעהט געשריעבען (שמות כב): אויב אַ פייער ברעכט אויס, און ס'וועט דער־גרייכען דערנער, און ס'וועט ווערען פערברענט אַ שייער, אָדער שטייענדיגע תבואה אָדער אַ פעלד, זאָל בעצאָהלען דער וואָס האָט דאָס פייער אָנגעצונדען". גאָט האָט אַזוי געזאָגט: „איך דאַרף בעצאָהלען פאר דעם פייער וואָס איך האָב אָנגעצונדען, איך האָב אָנגעצונדען אַ פייער אין ציון, אַזוי ווי עס איז געשריעבען (איכה ד): און ער האָט אָנגעצונדען אַ פייער אין ציון און ס'האָט פערברענט (זאָגאַר) איהרע פונדאַמענטען", אָבער איך וועל צוריק אויפשטעלען ציון מיט פייער". (זעה זכריה ב.) (בבא קמא ס, א.)

# הלל.

הלל האָט זיך געהאַלטען זעהר איינפאַך, ער איז קיינמאָל ניט געוואָרען אין כעס, האָט ליעב געהאַט אַלע מענשען, און האָט אימער געזוכט צו מאַכען שלום.

די רבנן האָבען געזאָגט: אימער זאָל אַ מענש זיך האַלטען קליין און קיינמאָל ניט ווערען אין כעס אַזוי ווי הלל, אָבער ער זאָל ניט זיין בייז און אַ קפדן אַזוי ווי שמאי".

איינמאָל איז אַ גוי געקומען צו שמאי און האָט געזאָגט: „איך וויל אָננעמען דעם יודישען גלויבען מיט דעם בעדינג אַז דו זאָלסט מיך אויסלערנען די גאַנצע תורה אין אַזאַ קורצע צייט וויפיעל איך קען שטעהן אויף איין פוס". האָט שמאי איהם מיט אַ מאָס אַרויסגעשטויסען פון זיין הויז.

דאַן איז דער גוי אַוועק צו הלל, און פון איהם פערלאַנגט די זעלבע זאַך. האָט הלל איהם מגייר געווען און האָט צו איהם געזאגט: „דאס וואס דיר איז ניט ליעב, זאלסטו דעם צווייטען ניט טהון". דאס איז די גאַנצע תורה. דאס איבריגע איז אַ פּרוש אויף דעם, געה און לערן". (שבת לא, א.).

ר' אבא האָט געזאגט אין נאָמען פון שמואל:

„דריי יאהר האָבען די תלמידים פון שמאי און די תלמידים פון הלל (בית שמאי און בית הלל) זיך געקריעגט". די ערשטע האָבען געזאגט: „די הלכה איז אזוי ווי מיר", און די לעצטע האָבען געזאגט: „די הלכה איז אזוי ווי מיר". איז ארויס א בת קול און געזאגט: „ביידענס הלכות זענען די ווערטער פון גאָט, און די הלכה איז אזוי ווי די בית הלל".

און אויב ביידענס הלכות זענען די ווערטער פון גאָט, טאָ פארוואָס האָבען די בית הלל זוכה געווען אז די הלכה זאָל זיין אזוי ווי זיי זאָגען?"

ווייל זיי זיינען געווען רוהיג און געדולדיג, און זיי האָבען

געלערנט די הלכה פון בית שמאי איידער זיי האָבען זייער הלכה געלערנט.

פון דעם לערנען מיר, אז דער וואס מאכט זיך קליין, מאכט גאָט איהם גרויס, אבער דער וואס מאכט זיך גרויס, מאכט איהם גאָט קליין. דער וואס יאגט זיך נאָך גדולה, פון דיעזען אנט־לויפט די גדולה, אבער דיעזער, וואס אנטלויפט פון גדולה, צו דיעזען קומט די גדולה. (ערובין י, ב.).

צוויי מענשען האָבען זיך אמאָל געוועט, אז וועלכער פון זיי ס'וועט ברענגען הלל'ען אין כעס זאל באקומען פיער הונדערט גולדען. האָט איינער פון זיי געזאגט: „איך וועל איהם בייז מאַכען". דאס איז געווען א פרייטאג, און ווען הלל איז געשטאַ־נען און געוואשען זיין קאָפּ, איז דער מאן פערביי געגאנגען הלל'ס הויז און האָט געשריען: „ווער איז דאָ הלל? ווער איז דאָ א הלל?" האָט הלל זיך איינגעהילט און איז ארויס צו איהם און געפּרעגט: „מיין זוהן! וואס פארלאנגסטו?" האָט דער מאן איהם געענטפערט: „איך האָב עפּעס צו פרעגען". „פרעג, מיין זוהן!" האָט הלל געזאגט.

„פאר וואס זענען די קעפּ פון די בבל'ער האַלב רונדיג?" האָט דער מאן געפרעגט.

האָט הלל געענטפערט: „מיין זוהן! דו האָסט א וויכטיגע פראגע געפרעגט. דאָס איז ווייל זיי האָבען ניט קיין קלוגע הייבאמעס.

איז דער מאן אוועק און זיך געזאַמט אַ שעה און איז צוריקגעקומען און געפרעגט: „ווער איז דאָ אַ הלל?" האָט הלל ווידער זיך איינגעהילט, איז ארויס און געפרעגט: „מיין זוהן! וואָס פארלאנסטו?" „איך האָב א פראגע צו פרעגען" האָט דער מאן געענטפערט.

„פרעג מיין זוהן! פרעג", האָט הלל געזאגט.

„פארוואס האָבען די מענשען פון תרמוד קראנקע אויגען?" האָט דער מאן געפרעגט.

„מיין זוהן!" האָט הלל געענטפערט, „דו האָסט געפרעגט

א וויכטיגע פראגע. דאס איז ווייל זיי וואוינען אין א זאמדיגע געגענד".

דער מאן איז אוועק, און אין א שעה שפעטער איז ער וויע־דער געקומען און האָט געפרעגט: „ווער איז דאָ א הלל? ווער איז דאָ א הלל?" איז הלל ווידער ארויס און איהם געפרעגט וואָס ער פארלאנגט. זאגט דער מאן: „איך האָב א פראגע צו פרעגען".

„פרעג מיין זוהן!" האָט הלל געזאגט.

„פארוואס האָבען די מענשען פון אפריקע ברייטע פיס?" האָט דער מאן געפרעגט.

„מיין זוהן!" האָט הלל געזאגט, „דו האָסט א וויכטיגע פראגע געפרעגט, דאס איז ווייל זיי וואוינען אין א געגענד פון זומפען און וואסערן".

האָט דער מאן געזאגט: „איך האָב א סך פראגען צו פרע־גען, איך האָב אבער מורא, אז דו וועסט זיין אין כעס". האָט זיך הלל אוועקגעזעצט און געזאגט צו איהם: „דו קענסט פרע־גען אַלע דיינע פראגען".

האָט דער מאן געזאגט: „דו ביסט הלל, וועמען מען רופט דער נשיא פון די יודען?"

„יא", האָט הלל געענטפערט.

„אויב אזוי", האָט דער מאן געזאָגט, „זאָלען ניט זיין ביי יודען אַ סך אַזעלכע ווי דו".

„ווארום?" האָט הלל געפרעגט.

האָט דער מאן געענטפערט: „ווייל איבער דיר האָב איך פארלארען פיער הונדערט גולדען".

האָט הלל געזאגט: „עס איז ווערטה דו זאָלסט איבער הלל פארליערען צוויי מאָל פיער הונדערט גולדען און איך זאָל ניט קומען צו כעס". (שבת לא, א.)

# נחום איש גם זו.

נחום איש גם זו איז געווען בלינד אויף ביידע אויגען. ער האָט פארלאָרען ביידע הענד און פיס, און זיין גאַנצער קערפּער איז געווען פול מיט בלאטערן. ער איז געלעגען אין אן אונזיכערע הויז. האָבען זיינע תלמידים איהם געוואלט איבערטראגען אין א בעסערע הויז. האָבען זיי געוואלט צוערשט איהם איבערטראַגען און דערנאָך די כלים פון הויז. האָט ער צו זיי געזאגט: „מיינע קינדער! טראגט צוערשט ארויס די כלים פון הויז, און דערנאָך מיין בעט, ווייל איך בין זיכער, אז כל זמן איך בין אין הויז וועט דאס הויז ניט איינפאלען".

האָבען זיינע תלמידים אזוי געטהאָן, און גלייך ווי זיי האָבען זיין בעט ארויסגעטראגען, איז די הויז איינגעפאלען.

האָבען זיינע תלמידים איהם געפרעגט: „רבי, מיר זעהען דאָך אז דו ביסט א גרויסער צדיק, טאָ פאר וואס איז דיר אזא שרעקליך אונגליק געשעהן?"

האָט ער זיי געענטפערט: „קינדער מיינע! איך בין אליין שולדיג אין מיין אונגליק. איינמאָל בין איך געגאנגען צו מיין שווער, האָב איך מיטגענומען דריי אייזלען, איינער איז געווען אנגעלאדען מיט עסענווארג, דער צווייטער מיט געטראנקען, און דער דריטער מיט זיסע פרוכט. אויפ'ן וועג האָט מיך אבגעשטעלט אן ארימאַן און האָט צו מיר געזאגט: „רבי, גיב מיר עפּעס צו עסען". האָב איך איהם געענטפערט: „וואַרט ביז איך וועל אבלאָדען פון אייזעל". און איידער איך האָב צייט געהאַט אָבצולאָדען פון אייזעל", איז זיין נשמה אויסגעגאַנגען. בין איך געפאלען נעבען איהם און געזאגט: „מיינע אויגען, וואס האָבען ניט קיין רחמנות געהאַט אויף דיינע אויגען, זאלען בלינד ווערען; מיינע הענד, וואס האָבען ניט רחמנות געהאט אויף דיינע הענד, זאלען ווערען אבגעשניטען; מיינע פיס, וואס

האָבען ניט געהאט רחמנות אויף דיינע פיס, זאלען ווערען אב־געהאקט. און איך האָב זיך נאָך אלץ ניט געקענט בארוהיגען, ביז איך האָב געזאגט, אז מיין גאנצער קערפער זאל ווערען פול מיט בלאטערן".

ווען זיינע תלמידים האָבען צו איהם געזאגט: „וועה איז אונז! וואס מיר זעהען דיך אין אזא לאגע, האָט ער זיי גע־ענטפערט: „וועה וואָלט מיר געווען, ווען איהר וואלט מיך ניט געזעהן אין אזא לאגע. (תענית כא, א.).

און פאר וואס האָט מען איהם גערופען נחום איש גם זו? ווייל אויף אלעס וואס ס'האָט זיך איהם געטראפען, זאגאר אויף אן אונגליק, פלעגט ער זאגען: „גם זו לטובה!" (אויך דאס איז צו גוטען).

איינמאָל האָבען די יודען געוואלט שיקען א פרעזענט צום רוימישען קיסר. האָבען די יודען געזאגט: „זאָל געהן נחום איש גם זו, ווייל איהם פלעגען פיעל ניסים געשעהען". האָט מען געשיקט דורך איהם א קעסטעלע פול מיט טייערע שטיינער און פערל. אויפ'ן וועג האָט ער גענעכטיגט אין א גאַסט־הויז. ביינאכט, ווען ער איז געשלאפען, האָבען עטליכע לייט, וועלכע זענען געווען אין גאַסט־הויז אויסגעליידיגט דאס קעסטעלע און אנגעפילט דאס מיט ערד. אין דער פריה, ווען ער האָט דאס דערזעהן, האָט ער געזאגט: „גם זו לטובה!" און איז זיך אוועק זיין וועג. ווען ער איז געקומען צום קיסר, האָט ער איהם איבערגעגעבען דאס קעסטעלע, און ווען דער קיסר האָט דאס געעפענט און געזעהן, אז אינוועניג איז ערד, האָט ער געזאגט: „די יודען לאכען פון מיר!" און האָט געוואלט ארויסגעבען א גזרה, אז מען זאל אלע יודען אויס'הרג'נען. נחום, הערענדיג דאס, האָט ער געזאגט: „גם זו לטובה". איז געקומען אליהו פארשטעלט אזוי ווי איינער פון זיינע מיניסטאָרען און האָט געזאגט: „אפשר איז דאס די ערד פון אברהם, זייער פאטער, ווען ער פלעגט מלחמה האלטען מיט די מלכים, האָט ער גע־וואָרפען ערד, וועלכע איז פארוואנדעלט געווארען אין שווערדען

און פיילען, אזוי ווי עס איז געשריעבען אין (ישעיה מא, ב), אז ער האָט געווארפען ווי ערד און שטרוי זיין שווערד און בויגען".

צו יענער צייט האָט דער קיסר געפיהרט א מלחמה מיט א לאנד, וועלכעס ער האָט ניט געקענט בייקומען. האָט ער גע־שיקט די ערד אויסצופרובירען אויף די פעסטונגען פון יענעם לאנד. זענען אלע פעסטונגען געפאלען, און זיין ארמעע האָט זיי איינגענומען.

האָט דער קיסר אריינגעפיהרט נחום איש גם זו אין זיין שאַץ קאַמער, און האָט דאָס קעסטעלע אָנגעפילט מיט טייערע שטיי־נער און פערל, און איהם אוועקגעשיקט מיט גרויס עהרע.

אויפ'ן וועג צוריק איז ער פארבייגעגאנגען די אכסניה, וואו מען האָט איהם געהאט בע'גנב'עט, און ווען די לייט האָבען איתם דערזעהן, האָבען זיי איהם געפרעגט: „וואָס האָסטו דאס גע־ברענגט צום קעניג, וואס מען האָט דיר אזא כבוד אנגעטהון?"

האָט ער זיי געענטפערט: „דאס וואס איך האָב אוועקגע־פיהרט פון דאנען".

האָבען זיי גענומען ערד פון זייער הויז און דאס אוועקגע־פיהרט צום קעניג און געזאָגט: „דאָס איז די זעלבע ערד, וואָס דער יוד האָט דיר געברענגט". האָט מען די ערד אויסגעפרופט אויף א פעסטונג, אבער ס'האָט גאר ניט געווירקט. דער קעניג איז זעהר בייז געוואָרען און האָט באַפויהלען, אז מען זאָל די גנבים הרג'נען. (תענית כא, א).

# צדיקים.

רבי אלעזר האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי חנינא:

„דער טויט פון א צדיק איז א פארלוסט צו זיין דור, אזוי ווי א מענש וואָס פארלירט א פערל, די פערל פערליערט ניט איהר ווערטה, זי איז נור פארלארען פאר איהר אייגענטהימער..." (מגילה טו, א.).

רבה בר בר חנה האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי יוחנן:

עס איז געשריבען (משלי י, כז): „די מורא פאר גאָט פערמעהרט די טעג, אָבער די יאָהרען פון רשעים ווערען פער־קורצט". די מורא פאר גאָט פערמעהרט די טעג, — מיינט דאס ערשטע בית המקדש, וואס איז געשטאַנען פיער הונדערט און צעהן יאהר, און אין איהם זענען געוועזען נור אכצעהן כהנים גדולים. „און די יאָהרען פון די רשעים ווערען פארקורצט", — מיינט דער צווייטער בית המקדש, וואס איז געשטאַנען פיער הונדערט און צוואנציג יאהר, און אין איהם זענען געוועזען מעהר ווי דריי הונדערט כהנים גדולים. רעכען אראָב די אכציג יאהר, וואָס יוחנן כהן גדול איז געוועזען, און פיערציג פון שמעון הצדיק און אויך די צעהן יאהר פון ישמעאל פון פאבי, קומט אויס, אז קיין איינער פון די איבריגע האָט קיין גאנץ יאהר ניט אויסגע־לעבט. (יומא ט, א.).

רבי אלעזר האָט געזאגט: די צדיקים זאגען ווייניג, אבער טהוען פיעל. אָבער די רשעים זאָגען פיעל, און טהוען גאָר ניט. (בבא מציעא פ, א.).

האָט רבי חנינא געזאגט: „אלעס איז אין די מאכט פון אייבערשטען אויסער „יראת שמים", אזוי ווי עס איז געשריעבען (דברים י.): „ועתה ישראל מה ה' אלהיך שואל מעמך כי אם ליראָה (און יעצט ישראל וואס פערלאנגט דען דיין גאָט פון דיר? נור דו זאָלסט מורא האָבען פאר איהם).

איז דען יראה אזוי ליכט. רבי חנינא האָט דאָך געזאָגט אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי: „יראת שמים איז בע־האַלטען אין גאָט׳ס אוצר״, אבער ביי משה׳ן איז דאס געווען א לייכטע זאך. אזוי ווי א מענש, פון וועלכען מען בעהט א גרויסע כלי, ווען ער האָט דאס, איז דאס ביי איהם א קלייניגקייט, אבער ווען ער האָט ניט דאס, וואס ס׳ווערט פארלאנגט פון איהם, איז די קליינע כלי גרויס...״ (ברכות לג, ב).

רבי אלעזר האָט געזאגט:

„זאגאר צוליעב איין צדיק איז די וועלט געווארען בעשא־פען, אזוי ווי עס איז געשריעבען (בראשית א, ד): „גאָט האָט געזעהן די ליכט, אז זי איז גוט״, און „טוב״ מיינט א צדיק, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעיה ג): „אמרו צדיק כי טוב״. (יומא לח, ב).

רבי אלעזר האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי חנינא:

די תלמידי חכמים מאכען שלום אויף דער וועלט, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעיה כד): „און אלע דיינע קינדער זע־נען געלעהרטע פון גאָט, און פיעל שלום איז ביי דיינע קינדער״. (תמיד לב, ב).

רבי יוחנן האָט געזאגט:

משיח וועט קומען צו א דור פון בלויז צדיקים אדער צו א דור פון בלויז רשעים.

א דור פון בלויז צדיקים, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעיה ס): „ועמך כלם צדיקים לעולם יירשו ארץ״ — און דיין פאלק זענען אלע צדיקים, אויף אייביג וועלען זיי ירשה׳נען דאָס לאנד. צו א דור פון בלויז רשעים. אזוי ווי עס איז גע־שריעבען: (דארט נט): וירא כי אין איש וישתומם כי אין מפגיע״ — און ער האָט געזעהן, אז ס׳איז ניטא קיין מענש, און ער האָט זיך פארוואונדערט אז ס׳איז ניטא ווער ס׳זאל בע־טען, „למעני למעני אעשה״ — וועגען מיר אליין וועל איך דאס טהון (ישעיה מח). (סנהדרין ק, א).

רבי חייא בר אבא האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי יוחנן:

זאגאר צוליעב איין צדיק האָט די וועלט אַן עקזיסטענץ, אזוי ווי עס איז געשריעבען (משלי י): „וצדיק יסוד עולם" — און דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט. (יומא לח, ב.).

די רבנן האָבען געלערנט: גאָט'ס צאָרן קומט אויף דער וועלט ווען עס איז דאָ א רשע אויף דער וועלט, אזוי ווי עס איז געשריעבען (משלי יח): „בבא רשע בא גם בוז ועם קלון חרפה" — ווען דער רשע קומט, אזוי קומט מיט איהם אויך שאנדע, און מיט דער שאנדע — א חרפה.

ווען דער רשע געהט פון דער וועלט אוועק, אזוי קומט גוטס אויף דער וועלט, אזוי ווי עס איז געשריעבען (משלי יא): „באבד רשעים רנה" — ווען די רשעים ווערען פערלארען, איז א געזאנג.

ווען דער צדיק געהט אוועק פון דער וועלט, אזוי קומט שלעכט אויף דער וועלט, אזוי ווי עס איז געשריבען (ישעיה נז): „הצדיק אבד ואין איש שם על לב ואנשי חסד נאספים באין מבין כי מפני הרעה נאסף הצדיק". — דער צדיק איז פאר־לארען און קיין מענש נעמט דאס ניט צום הארצען, און די גוטע מענשען שטארבען און קיינער פערשטעהט ניט, אז וועגען דעם שלעכטס איז דער צדיק נפטר געווארען.

ווען א צדיק קומט אויף דער וועלט, אזוי קומט גוטס אויף דער וועלט. אזוי ווי עס איז געשריעבען (בראשית ה): „זה ינחמנו ממעשנו ומעצבון ידנו" — דער וועט אונז טרייסטען פון אונזערע ווערק און פון דעם טרויעריגקייט פון אונזערע הענד. (סנהדרין קיג, ב.).

ר' שמואל בר נחמני האָט געזאגט אין נאָמען פון ר' יונתן: קיין שלעכטס קומט ניט אויף דער וועלט, נור ווען רשעים זענען אויף דער וועלט און די צדיקים ליידען די ערשטע פון דעם שלעכטס וואס קומט אויף דער וועלט, אזוי ווי עס איז געשריעבען (שמות כב): „כי תצא אש ומצאה קוצים" — ווען א פייער ברעכט אויס, און ס'וועט דערגרייכען דערנער". דאס מיינט, אז דאס פייער ברעכט אויס נור ווען דערנער (רשעים) זענען דאָ.

און פאנגט זיך אן ביי די צדיקים, אזוי ווי עס איז געשריעבען (דארט) : „און ס'וועט פערברענט ווערען א שייער” (צדיקים).

ר' יוסף האָט געזאגט : ווען דער מלאך האָט אויסגע־הרגעט אלע בכורים אין מצרים, שטעהט : „אז קיין מאן זאל ניט ארויסגעהן פון זיין הויז ביז פריהמארגען (שמות יב), ווייל ווען ס'ווערט געגעבען ערלויבניש דעם משחית צו ערמאָרדען, דע־מאָלס אונטערשיידעט ער ניט ווער ס'איז א צדיק און ווער א רשע. און ער ערמאָרדעט דאָס ערשטע די צדיקים, אזוי ווי עס איז געשריעבען (יחזקאל כא) : „הכרתי ממך צדיק ורשע” — איך וועל פערשניידען דעם צדיק און דעם רשע.

האָט רב יוסף געוויינט וועגען דעם וואס דער אונשולדיגער ליידעט אומזיסט, האָט אביי צו איהם געזאגט : „דאס איז גאר א טובה פאר די צדיקים”. אזוי ווי ישעיה הנביא האָט געזאגט : אז דער צדיק געהט אוועק פון דער וועלט צוליעב דעם שלעכטם (ישעיה כז). (בבא קמא ס, א.).

# גרים־צדיקים.

א רוימישער קיסר, וואָס איז געווען א גרויסער יודענפיינד, האָט איינמאָל געזאָגט צו זיינע מיניסטאָרען:

„דער וואָס האָט א ווארצעל אויף זיין פוס, וואָס זאָל ער טהאָן? זאָל ער דאָס אָבשניידען און לעבען רוהיג, אָדער דאָס איבערלאָזען און ליידען צרות?"

„געוויס", האָבען זיינע מיניסטארען געענטפערט, „זאל ער דאָס אבשניידען און לעבען רוהיג".

האָט קטיעה בר שלום ערקלערט פאָלגענדעס:

ערשטענס, וועט איהר אלע יודען ניט קענען אויס׳הרג׳ענען, ווייל אזוי ווי די וועלט קען ניט עקזיסטירען אהן לופט, אזוי קען זי ניט עקזיסטירען אהן די יודען. און, צווייטענס, וועט מען אייך רופען „א רעגירונג פון מערדער".

האָט דער קיסר געזאגט:

„דו האָסט ריכטיג געזאגט, אבער דו ווייסט דאך, אז דער וואָס בעזיעגט א קעניג, ווארפט מען איהם אריין אין א הייל פון ערד".

און ווען מען האָט קטיעה בר שלום געפיהרט צום טויט, האָט ער זיך מגייר געווען, און זיין פארמעגען האָט ער פאר די חכמים געהייסען צוטיילען.

נאָך זיין טויט, איז ארויס א בת קול און געזאגט:

„קטיעה בר שלום וועט האָבען דאס אייביגע לעבען פון עולם הבא".

רבי האָט געזאגט: „א מענש קויפט זיך אמאָל זיין וועלט נור אין איין שעה, און איינער קויפט זיך ערשט אין פיעל יאָהרען". (עבודה זרה י, ב.).

אונקלוס, דער זוהן פון קלוניקוס, האָט זיך מגייר געווען. און ווען דער רוימישער קייסר האָט זיך דערוואוסט, אז

אונקלוס האָט אנגענומען דעם יודישען גלויבען, האָט ער געשיקט סאָלדאטען איהם צו ברענגען. ווען די סאלדאטען זענען געקומען צו אונקלוס, האָט ער זיי מיט פסוקים פון תנך ערקלערט די ווארהייט פון יודישען גלויבען, און זיי האָבען זיך אלע מגייר געווען.

דער קייסר האָט געשיקט א צווייטע אבטיילונג סאלדאטען נאָך אונקלוס׳ן, און האָט זיי אנגעזאגט: „איהר זאָלט מיט איהם ניט ריידען״.

ווען די סאלדאטען האָבען איהם גענומען געפאנגען און גע־פיהרט צום קיסר, האָט ער צו זיי געזאגט: „איך וועל אייך עפּעס א וועלטליכע זאך זאגען״. און ער האָט זיי ערקלערט, ווי עס פיהרט זיך אין דער וועלט: „א קליינער בעאמטער טראָגט א ליכט צו בעלייכטען דעם וועג פון א גרעסערן, דער גרעסערער פאר א פירשט, דער פירשט פאר׳ן קעניג. אבער צו וועט א קע־ניג טראגען א ליכט צו בעלייכטען דעם וועג פאר אן איינפאכען מענשען?״

„ניין״, האָבען זיי געענטפערט.

„אבער גאָט״, האָט אונקלוס געזאגט צו די סאָלדאטען, „האלט א ליכט צו בעלייכטען דעם וועג פאר די יודען״.

און ווען ער האָט זיי אין דעם איבערצייגט מיט פסוקים פון דער תורה, האָבען זיי זיך אויך מגייר געווען.

דער קיסר האָט ווידער געשיקט א דריטע אבטיילונג סאל־דאטען, און האָט זיי געזאגט: „איהר זאָלט קיין איין וואָרט זאָגאר ניט ריידען מיט איהם״.

ווען זיי האָבען איהם גענומען געפאנגען און געפיהרט צום קיסר, האָט אונקלוס ארויסגעהענדיג פון הויז ארויפגעלעגט זיין האנד אויף דער מזוזה און דערביי געלאכט, האָבען די סאלדא־טען איהם געפרעגט, פארוואס ער לאכט, האָט ער זיי אזוי ער־קלערט:

„אין דער וועלט פיהרט זיך, אז דער קעניג זיצט אינעווייניג אין זיין פאלאסט, און זיינע קנעכט היטען איהם שטעהענדיג

אין דרויסען. אבער גאָט היט זיינע דיענער ווען זיי זענען אינגע־ווענינג, אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען: „ה׳ ישמר צאתך ובאך” (תהלים קכא). (גאָט וועט היטען דיין ארויסגעהן און דיין אריינקומען).

ווען זיי האָבען דאָס אויסגעהערט, האָבען זיי זיך אויף מגייר געווען.

און מעהר האָט דער רוימישער קיסר שוין ניט געשיקט קיין סאָלדאטען צו איהם. (עבודה זרה יא, א.).

# תשובה.

איין פיינליכער געפיהל פון געוויסענסביסע אין הארצען פון מענשען, מאכט איהם פיעל בעסער, ווי הונדערט מלקות. (ברכות ז, א.).

רבי מאיר פלעגט זאגען:

„צוליעב איין מענשען וואס האָט תשובה געטהאָן, איז גאָט מוחל די זינד פון אלע מענשען אין דער וועלט". (יומא פו, ב.).

רבי לוי האָט געזאגט:

„די תשובה וואס א מענש האָט געטהאָן וועגען זיינע זינד, קומט ביז'ן כסא הכבוד, אזוי ווי עס איז געשריעבען (הושע יד, ב): „קעהר זיך צוריק, ישראל! ביז גאָט דיין גאָט". יומא פו, א.).

רבי יוסי זאגט: „תשובה ברענגט גאולה פאר גאר דער וועלט". (דאָרט).

רבי אליעזר פלעגט זאגען: „טהו תשובה איין טאָג פאר דיין שטארבען".

די תלמידים פון רבי אליעזר האָבען איהם געפרעגט:

„ווי אזוי זאל דער מענש טהון תשובה איין טאָג פאר זיין טויט, ווען ער ווייסט ניט ווען ער וועט שטארבען?"

האָט ער זיי געענטפערט: „אדרבה, זאל ער היינט תשובה טהון, פיליכט וועט ער מארגען שטארבען, אזוי זאל ער יעדען טאָג טהון תשובה, ווייל ער ווייסט ניט אין וועלכען טאָג ער וועט שטארבען. אזוי האָט אויך געזאגט שלמה המלך (קהלת ט, ח): „אימער זאלען דיינע קליידער זיין ווייס, און אויל אויף דיין קאָפּ זאָל ניט פעהלען". (שבת קנג, ב.)

# תפלה.

„שמע ישראל ה׳ אלהינו ה׳ אחד" — הער, ישראל! גאָט, אונזער גאָט, גאָט איז איינער".

סומכוס פלעגט זאגען: „דער וואס דערלענגערט ביים זאגען דאס ווארט ,אחד', דערלענגערט איהם גאָט זיינע טעג און יאהרען". (ברכות יג, ב.).

„דאָס קול איז פון יעקב" (בראשית כז, כב.). ס׳איז ניטא קיין תפלה, וואָס ווערט אין הימעל צוגעהערט, אז די תפלה זאָל ניט זיין פון יעקב׳ס קינדער. „און די הענד זענען די הענד פון עשו" (דאָרט). ס׳איז קיין זיעגרייכע מלחמה ניטאָ, נור ווען אין די מלחמה זענען פון עשו׳ס קינדער. (גיטין נז, ב.).

רבי יוחנן און רבי אלעזר זאגען:

זאגאר ווען די שארפע שווערד ליעגט אויפ׳ן מענשענ׳ס האלז, זאל ער אויך ניט פערליערען די האָפנונג, נור זאל בעטען גאָט, אזוי ווי עס איז געשריעבען (איוב יג, טו): „זאָגאר ווען ער וועט מיך טויטען, וועל איך דאָך צו איהם האָפען". (ברכות י, א.).

רבי יוסי האָט דערצעהלט: „איינמאָל בין איך געגאנגען אין וועג, בין איך אריין אין איינעם פון די חורבות אין ירושלים דאווענען. איז אליהו ז"ל געקומען און האָט געוואַרט ביז איך האָב געענדיגט מיין תפילה, און ווען איך האָב מיין תפילה געענדיגט, האָט ער צו מיר געזאגט:

„פריעדען צו דיר, רבי!" האָב איך איהם געענטפערט: „פריעדען צו דיר, מיין רבי און לעהרער!" האָט ער מיך געפרעגט: „זוהן מיינער, ווארום ביזטו אריין אין דיעזער חורבה?" האָב איך איהם געענטפערט: „איך בין אריין דאווענען". האָט ער מיך געפרעגט: „ווארום האָסטו ניט געדאווענט אין וועג?"

האָב איך איהם געענטפערט: „איך האָב מורא געהאט די דורכ־געהער וועלען מיר שטערען". האָט ער געזאָגט: „דו האָסט געדארפט זאגען א קורצע תפלה".

איך האָב דאן פון איהם געלערנט דריי זאכען: איך האָב געלערנט, אז א מענש דארף ניט אריינגעהן אין א חורבה, אוז אז מען קען דאווענען אין וועג, און איך האָב אויך געלערנט, אז דער וואָס דאווענט אין א וועג זאָל זאָגען א קורצע תפלה.

און אליהו האָט צו מיר געזאגט: „מיין זוהן! וואס פאר א קול האָסטו געהערט אין דיעזער חורבה?" האָב איך איהם גע־ענטפערט: „איך האָב געהערט א בת קול, וואס ברומט ווי א טויב און זאָגט: „וועה צו די קינדער וואָס צוליעב זייערע זינד האָב איך חרוב געמאכט מיין הויז, (און) פערברענט מיין פאלאסט און פערטריעבען מיינע קינדער צווישען פרעמדע פעלקער'.

האָט ער צו מיר געזאגט: „זוהן מיינער! איך שווער ביי דיין לעבען, אז ניט נור יעצט אליין זאגט דער בת קול אזוי, נור דריי מאָל יעדען טאָג הערט מען אזוי. און ניט דאס אליין, נאָר ווען די יודען געהען אריין אין די שוהלען און בתי מדרשים און ענטפערען „אמן, יהא שמה רבא מברך". דאן שאָקעלט הקדוש! ברוך הוא, זיין קאָפּ און זאגט: „וואויל איז דעם קעניג וואָס מען לויבט איהם אזוי אין זיין הויז, און וואָס האָט דען דער פאטער פון דעם וואס ער האָט זיינע קינדער פערטריע־בען צווישען פרעמדע פעלקער, און וועה איז צו די קינדער, וועל־כע זענען פון זייער פאָטער'ס טיש פערטריעבען געוואָרען!" (ברכות ג, א).

האָט רב יוסף גע'דרשה'נט: עס איז געשריעבען (ישעיה יב, א): „איך וועל דיך לויבען, גאָט, ווייל דו האָסט געצאָרנט אויף מיר, דיין צאָרן איז אוועק און דו האָסט מיך געטרייסט". דאס מיינט, ווען צוויי מענשען זענען אוועק אין א ווייטען וועג ווענען מסחר, האָט איינער פון זיי זיך פערוואונדעט זיין פוס אין א דאָרן. האָט דער מענש זיך ניט געקענט בערוהיגען וועגען דעם

וואָס ער האָט ניט געקענט צוזאמען מיט זיין פריינד אוועק. אבער אין א צייט שפעטער האָט ער געהערט, אז די שיף, אויף וועלכע זיין פריינד איז אוועק, איז דערטרונקען געוואָרען, דאַן האָט ער געדאנקט גאָט וואס ער איז ניט געגאנגען צוזאמען מיט זיין פריינד. און וועגען דעם איז געשריעבען „דיין צאָרן איז אוועק, און דו האָסט מיך געטרייסט״. (נדה לא, א.).

# וועגן תפילין.

רבי אבין בר רב אודא האָט געזאגט אין נאָמען פון רבי יצחק:

„וואו האָבען מיר דאס געלערנט, אז דער אייבערשטער לייגט תפילין? עס שטעהט געשריעבען (ישעיה סב): „נשבע ה' בימינו ובזרוע עזו" (גאָט האָט געשוואָרען ביי זיין רעכטע האנד און ביי זיין שטארקען ארם). זיין רעכטע האנד דאס מיינט די תורה, אזוי ווי עס איז געשריעבען (דברים לג): „מימינו אש דת למו". זיין שטארקען ארם מיינט די תפילין, אזוי ווי עס איז געשריעבען (תהלים כט): „ה' עוז לעמו יתן".

האָט רבי נחמן בר יצחק געזאגט צו רב חייא בר אבין:

„וואס שטעהט געשריעבען אין די תפילין פון דעם הער פון דער וועלט?" האָט ער איהם געענטפערט: „עס שטעהט אין זיי געשריעבען (דברי הימים א, כז). „ומי כעמך ישראל גו אחד בארץ" (ווער איז ווי דיין פאָלק ישראל איין פאָלק אויף דער וועלט). (ברכות ו, א).

# צדקה.

„זאל דיין הויז זיין ברייט אפען", צו מזרח, מערב, דרום און צפון. אזוי ווי איוב האָט געמאכט פיער טהירען אין זיין הויז, א טהיר פון יעדער זייט, כדי ווען די אָרימע לייט וועלען קומען, זאלען זיי געפינען אן אפענע טהיר, יעדער פון זיין וועג, אין וועלכען ער קומט. (אבות דרבי נתן פרק ז.).

רבי אלעזר האָט געזאגט:

צדקה איז גרעסער פון קרבנות; אזוי ווי עס איז געשריע־בען (משלי כא, ג): צו טהון גערעכטיגקייט און רעכט איז בע־סער פאר גאָט ווי קרבנות. (סוכה מט, ב.).

דער מענש, וואס נעמט א טהייל פון זיין פערמעגען און גיט דאָס אוועק צו העלפען די ארימע לייט, איז פערזיכערט ניט צו ליידען קיין יסורים, און ניט קיין גיהנם.

דאָס איז עהנליך צו א משל פון צוויי שאָף, וועלכע זענען א גרויס וואַסער אריבער, די געשאָרענע איז לייכט אריבערגעשוואו־מען, אבער די ניט־געשאָרענע איז דורך איהר שווערקייט דער־טרונקען געוואָרען. (גיטין ז, א.).

די חכמים דערצעהלען: מונבז המלך האָט איינמאָל אין א הונגער־יאָהר צוטיילט זיינע אוצרות און אויך זיינע עלטערנס אוצרות פאר ארימע מענשען.

דאן זענען צו איהם געקומען זיינע ברודער און פריינד און האָבען צו איהם געזאגט: „דיינע עלטערן האָבען אוצרות גע־זאמעלט און גרעסער געמאכט די אוצרות פון זייערע עלטערן, און דו צושליידערסט זיי?"

האָט ער זיי געענטפערט:

„מיינע עלטערן האָבען אוצרות אויף דער ערד געזאמעלט, אבער איך זאמעל אוצרות אין די הויכע און ווייטע וועלטען.

„מיינע עלטערן האָבען בעהאלטען דאָרט, וואו הענד קענען

דאָס אוועקנעמען, אָבער איך האָב בעהאַלטען דאָרט, וואו הענד קענען דאָס ניט אוועקנעמען.

„מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען אוצרות, וועלכע ברענגען קיין פּרוכטען ניט, אבער איך האָב בעהאַלטען אוצרות וואָס ברענגען פּרוכט.

„מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען אוצרות געלד, אָבער איך האָב בעהאַלטען אוצרות־נשמות.

„מיינע עלטערן האָבען זייערע אוצרות פאַר אנדערע מענשען געזאַמעלט, אבער איך האָב אוצרות פאַר מיר געזאַמעלט.

„מיינע עלטערן האָבען אוצרות געזאַמעלט אויף דיעזע וועלט, אבער איך האָב געזאַמעלט אוצרות אויף די קומענדע וועלט”... (בבא בתרא יא, א.).

בנימין הצדיק איז געוועזן דער גבאי פון צדקה.

איינמאָל אין א הונגער יאהר איז געקומען אַן ארימע פרוי און געזאָגט צו בנימין הצדיק: „רבי ערנעהר מיך”.

„איך שווער”, האָט בנימין הצדיק געענטפערט, „אז אין די צדקה־קאַסע איז קיין פּרוטה ניטאָ”.

„רבי”, האָט די פרוי ווייטער געזאָגט, „אויב דו וועסט מיר קיין פּרנסה ניט געבען, וועט דיעזע פרוי מיט איהרע זיעבען קינדער פון הונגער שטאַרבען”.

האָט בנימין הצדיק אויסגעהאַלטען די פרוי מיט איהרע זיעבען קינדער פון זיין געלד.

אין א צייט שפּעטער איז בנימין הצדיק זעהר קראַנק געוואָרען, און ווען ער האָט שוין געהאַלטען ביים שטאַרבען, האָבען די מלאכים פון הימעל געזאָגט פאַר גאָט: „רבונו של עולם! דו האָסט געזאָגט, אז דער וואָס דערהאַלט ביים לעבען איין נפש פון די ישראל, איז אזוי ווי ער וואָלט א גאַנצע וועלט גערעטעט; און בנימין הצדיק, וואָס האָט א פרוי מיט איהרע זיעבען קינדער פון א הונגער טויט גערעטעט, זאָל שטאַרבען נאָך אזא קורצען לעבען?”

באלד האט מען זיין גזר דין צוריעסען, און איהם צוגעגעבען צוויי און צוואנציג יאהר צו לעבען. (בבא בתרא יא, א.).

ר' יצחק האט געזאגט: „ווען איינער גיט א ארימאן א פרוטה, ווערט ער געבענשט מיט זעקס ברכות, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעיה נח): „הלוא פרס לרעב לחמך, אז יבקע כשחר אורך וארכתך מהרה תצמח והלך לפניך צדקך כבוד ה' יאספך, אז תקרא וה' יענה תשוע ויאמר הנני" — אז די וועסט געבען דיין ברויט צום הונגעריגען, דאן וועט אזוי ווי דער מאר־גענשטערן דיין ליכט שיינען, און דיין רפואה וועט שנעל קומען, און דיין גערעכטיגקייט וועט געהן פאר דיר, דער כבוד פון גאט וועט דיך איינזאמלען, דאמאלס וועסטו רופען און גאט וועט דיר ענטפערן, דו וועסט שרייען, וועט ער זאגען — דא בין איך!

און דער וואס טרייסט דעם ארימען ווערט געבענשט מיט עלף ברכות. אזוי ווי עס איז געשריעבען (דארט): ותפק לרעב נפשך ונפש נענה תשביע וזרח בחשך אורך ואפלתך כצהרים וכ"ו — און ווען דו וועסט מיט דיין גוטען ווילען געבען דעם הונגע־ריגען און דעם געפייניגטען נפש, וועסטו מאכען זאט, דאן וועט שיינען אין דער פינסטערניש דיין ליכט, און דיין טונקעלהייט אזוי ווי אין מיטען טאג, און גאט וועט דיך פיהרען אימער א. ז. וו. (בבא בתרא ט, ב.).

רבי יהושע בן קרחה זאגט: „דער וועלכער גיט ניט קיין צדקה איז בעגאנגען א זינד גענען גאט, אזוי ווי ער וואלט גע־דיענט די עבודה זרה". (בבא בתרא י. א.).

רבא, האט איינמאל געזאגט צו רפרם בר פפא: „זאל דער האר דערצעהלען עפעס פון די גוטע זאכען, וואס רב הונא האט געטהון". האט רפרם געענטפערט: „פון זיין יוגענד געדענק איך ניט, פון זיין עלטער געדענק איך". און ער האט דער־צעהלט פון רב הונא'ס עלטער:

„יעדען וואלקענדיגען טאג פלעגט מען איהם ארויספיהרען אין א גאלדענע שטוהל, און ער האט בעטראכט די שטאדט, און יעדע אונזיכערע וואנד האט ער געלאזט איינוואַרפען, כדי צו

פערהיטען פון די געפאהר וואס וואלט געווען פאר מענשען ווען די וואנד וואָלט אליין איינגעפאלען. אויב דער אייגענטהימער איז געווען רייך, פלעגט ער זיך פאר זיין געלד צוריק אבבויען זיין וואנד, אבער ווען ער איז געווען ארעם, פלעגט רב הונא בעצאָה־לען פאר דעם אבבויען די וואנד.

ביי זיין שוועל פלעגט ער אימער לאזען שטעהן א קרוג וואסער, כדי די דורכגעהער זאלען האָבען וואסער ווען זיי דאר־פען. ווען ער פלעגט זיך זעצען עסען, פלעגט ער עפענען די טהיר און זאגען: „ווער ס'איז הונגעריג זאל קומען און מיט־עסען". (תענית כ, ב).

רבי אלעזור בר יוסי האָט געזאגט: געבען צדקה איז זעהר גרויס, ווייל זי דערנעהנטער די גאולה זאָל קומען, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעית נו): כה אמר ה' שמרו משפט ועשו צדקה כי קרובה ישועתי לבא וצדקתי להגלות — היט משפט און טהוט צדקה, ווייל מיין הילף איז נאָהענט צו קומען און מיין גע־רעכטיגקייט צו ווערען ענטפלעקט. (בבא בתרא י, א).

רבי אלעזור בר יוסי פלעגט אויך זאגען: „צעהן מעכטיגע זאכען זענען באשאפען געווארען אויף דער וועלט: א פעלז איז מעכטיג, אבער דער אייזען צושניידט איהם. אייזען איז מעכטיג, אבער פייער מאכט איהם ווייך. פייער איז מעכטיג, אבער וואַ־סער לעשט איהם אויס. וואסער איז מעכטיג, אבער די וואָל־קענס טראגען איהם. די וואלקענס זענען מעכטיג, אבער דער ווינד צושפרייט זיי. ווינד איז מעכטיג, אבער דער מענש קען איהם פערטראגען. דער מענש איז מעכטיג, אבער שרעק צו־ברעכט איהם. שרעק איז מעכטיג, אבער דער וויין פערטרייבט איהם. וויין איז מעכטיג, אבער דער שלאָף ציהט איהם ארויס. און דער טויט איז מעכטיגער פון זיי אלע, אבער צדקה רעטעט פון טויט, אזוי ווי עס איז געשריעבען: „וצדקה תציל ממות" — און צדקה רעטעט פון טויט. (משלי י). (בבא בתרא י. א).

## זינד און זינדער.

אין דער נאכבארשאפט פון רבי מאיר האָבען געוואהנט שלעכטע מענשען, וועלכע האָבען איהם צרות פערשאפט אזוי, אז ער האָט אויף זיי געבעטען דעם טויט. ברוריה, זיין פרוי, האָט דאס געהערט, האָט זי צו איהם געזאגט: „דוד המלך האָט געבעטען גאָט, אז ער זאל אויסרויםען זינד פון דער וועלט (תהלים דך), אבער ער האָט ניט געבעטען, אז גאָט זאל אויסרויםען די זינדער... בעהט בעסער גאָט, אז ער זאל די שלעכטע מענשען מאכען גוט".

רבי מאיר האָט געבעטען פאר די זינדיגע מענשען, און זיי האָבען תשובה געטהאָן און געווארען עהרליכע. (ברכות י. א.).

# דער משפט אויף יענער וועלט.

אנטאָנינוס האָט געזאגט צו רבי:

„דער גוף און אויך די נשמה קענען זיך באפרייען פון משפט אויף יענער וועלט. ווי אזוי?

דער גוף קען זאגען: די נשמה האָט געזינדיגט, א בעוויז האָט איהר, אז פון דער צייט זייט זי איז פון מיר אוועק, ליעג איך אין קבר שטיל ווי א שטיין.

און די נשמה קען זאגען: דער גוף איז שולדיג, ווייל זייט איך האָב דעם גוף פארלאזען, פליה איך אין דער לופט פריי, ווי א פויגעל.

האָט רבי איהם געענטפערט:

„איך וועל דיר דערצעהלען א משל:

א מלך, א בשר ודם האָט געהאט א שעהנעם וויינגארטען, אין דעם וויינגארטען זענען געוואקסען זעהר שעהנע צייטיגע פרוכט, דער קעניג האָט זעהר ליעב געהאט זיין וויינגארטען, און ניט וועלענדיג אנטרויען די שעהנע פרוכט צו מענשען, האָט ער אריינגעשטעלט צוויי שומרים, איינער איז געווען א לאָמער און דער צווייטער איז געווען א בלינדער, און זיי האָבען דעם וויינ־גארטען געהיט.

איינמאָל האָט געזאגט דער לאָמער צום בלינדען:

„שעהנע וויינטרויבען זעה איך אין וויינגארטען, נעם מיך אויף דיינע אקסלען און טראָג מיך צו די בוימער, וועלען מיר עסען די גוטע פרוכט".

דער בלינדער האָט דעם לאָמען גענומען אויף זיינע אקסלען און זיי האָבען געגעסען די וויינטרויבען.

אין א צייט שפּעטער, ווען דער קעניג איז געקומען און האָט געזעהן אז די וויינטרויבען זענען ניטא, האָט ער געפרעגט:

„וואו זענען די שעהנע וויינטרויבען?"

„האָב איך דען אויגען צו זעהן, וואו די וויינטרויבען זענען, אז איך זאל זיי נעמען?" האָט דער בלינדער געענטפערט.

„און האָב איך דען פיס צו געהן?" האָט דער לאָמער געענטפערט.

דער קעניג האָט ארויפגעזעצט דעם לאָמען אויף דעם בלינדען און האָט צו זיי געזאגט:

„אזוי האָט איהר געטהאָן, ווען איהר האָט מיינע שעהנע וויינטרויבען געגעסען". און ער האָט זיי צוזאמען פער'משפט.

און ביי גאָט'ס משפט וועט ער אויך אזוי טהון. ער זועט די נשמה צוריקברענגען אין גוף אריין, און וועט פער'משפט'ען דעם גוף מיט דער נשמה צוזאַמען, אזוי ווי עס איז געשריעבען (תהלים נ.): „יקרא אל שמים מעל ואל הארץ לדין עמו" — ער וועט רופען צום הימעל פון אויבען, און צו דער ערד צו משפט'ען זיין פאָלק. ער וועט רופען צום הימעל פון אויבען — דאָס מיינט די נשמה, און צו דער ערד צו משפט'ען זיין פאלק — דאס מיינט דער גוף. (סנהדרין צא, ב.).

רבי יהושע בן לוי האָט געזאגט:

„אלע מצות, וואס די יודען טהון אויף דיעזע וועלט וועלען קומען צום משפט אויף יענע וועלט עדות זאגען פאר די יודען, אזוי ווי עס איז געשריעבען (ישעיה מג): „יתנו עדיהם ויצדקו" — זאלען זיי עדות געבען און גערעכט בלייבען. דאס מיינט די יודען, „זיי וועלען הערען און זאגען אמת" — דאס מיינט די גוים. (עבודה זרה ב, א.).

ר' חנינא בר פפא האָט גע'דרשה'נט:

ווען משיח וועט קומען, וועט הקדוש ברוך הוא, נעמען א ספר תורה און זאגען: „ווער עס האָט דאס געלערנט, זאל קומען זיין בעלאהנונג ערהאַלטען, ער וועט אויך זאגען: „זאַלען ניט אריינגעהן אלע פעלקער צוזאמען, נור יעדעס פאָלק מיט איהרע געלעהרטע בעזונדער".

דאַן וועט די ערשטע אריינגעהן דאָס רוימישעס קעניגרייך, יועט זיי הקדוש ברוך הוא פרעגען: „מיט וואָס האָט איהר אייך

בעשעפטיגט?" וועלען זיי ענטפערן: „רבונו של עולם! מיר האָבען פיעל גאַסען געבויט, פיעל בעדער האָבען מיר געמאַכט, א סך גאָלד און זילבער האָבען מיר געזאַמעלט, און דאַס אַלעס האָבען מיר געטהאָן פאַר די יודען, כדי זיי זאָלען לערנען די תורה". וועט הקב"ה זיי ענטפערן: „נאַראָנים, דאַס האָט איהר געטהאָן פאַר זיך אַליין, אַבער קען ווער פון אייך זאָגען די תורה?" דען וועלען זיי ארויס ניעדערשלאָגען און מוטהלאָז.

דאַן וועלען די פערסיער אריינגעהן, וועט גאָט זיי פרעגען: „מיט וואָס פלעגט איהר אייך בעשעפטיגען?"

וועלען זיי ענטפערן: „רבונו של עולם! פיעל בריקען האָבען מיר געבויט, פיעל שטעדט האָבען מיר איינגענומען, פיעל מלחמות האָבען מיר געמאַכט, און דאַס אַלעס האָבען מיר געטהאָן צוליעב די יודען, כדי זיי זאָלען לערנען די תורה".

וועט גאָט זיי ענטפערן:

„דאַס אַלעס האָט איהר געטהאָן פאַר זיך אַליין. בריקען האָט איהר געמאַכט, איהר זאָלט נעהמען צינזען פון די דורכגעהער, שטעדט, כדי צו נעמען די מענער פאַר סאַלדאַטען, מלחמות האָב איך געמאַכט, אַזוי ווי עס איז געשריעבען (שמות טו): „ה' איש מלחמה". אָבער קען ווער פון אייך זאָגען די תורה?" דאַן וועלען זיי ניט וויסען וואָס צו ענטפערן, און ארויס ניעדערשלאָגען.

אַזוי וועלען אויך אַנדערע פעלקער אריינגעהן, און ווען גאָט וועט זיי פרעגען: „קען ווער פון אייך זאָגען די תורה?" וועלען זיי ענטפערן: „די יודען האָסטו געצוואונגען זיי זאָלען די תורה מקבל זיין, ווען זיי זענען געשטאַנען אונטער'ן באַרג סיני, האָסטו דעם באַרג איבערגעדעקט איבער זיי און געזאָגט, אַז אויב זיי וועלען די תורה ניט אננעמען, וועלען זיי דאָרט האָבען זייערע קברים, און ווען דו וואָלסט אונז אַזוי געצוואונגען, וואָלטען מיר אויך די תורה אנגענומען".

וועט הקדוש! ברוך הוא, זיי פרעגען: „פאַר וואָס האָט

איהר ניט געהאַלטען די זיעבען מצות וועלכע איהר האָט יאָ אָנ־גענומען?"

וועלען זיי זאגען: רבונו של עולם! די יודען האָבען די תורה אנגענומען, אבער וואו האָבען זיי געטהאָן אזוי ווי עס איז געשריעבען אין איהר?"

וועט גאָט זיי ענטפערן:

„איך בין אן עדות, אז די יודען האָבען די תורה געהאַלטען".

וועלען די גוים זאגען:

„רבונו של עולם! קען דען א פאָטער זיין אן עדות פאר זיין זוהן? און דו ביסט דאך זייער פאָטער, אזוי ווי עס איז געשריעבען (שמות ד): „בני בכורי ישראל" — מיין זוהן מיין בכור איז ישראל".

וועט גאָט זיי ענטפערן:

זאָלען א טייל פון אייך זאגען עדות פאר די יודען, אז זיי האָבען די תורה געהאַלטען, זאל קומען נמרוד און זיין אן עדות פאר אברהם׳ען, אז ער איז געוועזן ריין פון געצענדיענעריי. זאל קומען לבן און זיין אן עדות פאר יעקב׳ן, אז ער איז געוועזן ריין פון גזלה. זאל קומען די פרוי פון פוטיפרע און זיין אן עדות פאר יוסף׳ן, אז ער האָט ניט געזינדיגט. זאל קומען נבוכדנצר און זיין אן עדות פאר חנינה מישאל און עזריה, אז זיי האָבען זיך ניט געבוקט צום צלם. זאל קומען דריוש און זיין אן עדות אויף דניאל, אז ער האָט ניט מבטל געמאכט דאס דאוונען. זאלען קומען בלדד השוחי, צופר הנעמתי, אליפז התימני און אליהו בן ברכאל הבוזי און זאלען עדות זאגען פאר די יודען, אז זיי האָבען די גאנצע תורה מקיים געוועזן".

וועלען זיי זאגען: „רבונו של עולם! גיב אונז יעצט די תורה, וועלען מיר זי אננעמען".

וועט גאט זיי ענטפערן:

„איהר שוטים! ווער עס גרייט זיך אָן פרייטאג, דער האָט צו עסען שבת, אבער דער וועלכער האָט פרייטאג ניט אנגעגרייט,

פון וואנען זאל ער האבען שבת צו עסען? דאָך איך האָב א קליינע מצוה פאר אייך, דאס איז סכה, טהוט דיעזע מצוה".

דאן וועלען אלע גוים זיך שטעלען א סוכה אויפ'ן דאך. וועט גאָט מאכען שיינען די זון, און זי וועט גליהען אזוי ווי אין תמוז, וועט יעדער איינער פון זיי, ווען ער וועט דערפיהלען די ברענענדיגע זון, מיט כעס פערלאזען זיין סוכה.

דאן וועט גאָט לאכען פון דעם, אזוי ווי עס איז געשריעבען (תהלים ב).: „יושב בשמים ישחק" — דער וואס זיצט אין הימעל וועט לאכען.

רבי יצחק האָט געזאגט: „הקב"ה לאכט נור אין דיעזען טאָג". (עבודה זרה ב און ג.).

# דער משפט פון אריםאן, רייכען און רשע.

ווען דער ארימאן קומט צום משפט אויף יענער וועלט, פרעגט מען דעם ארימאן, פארוואס ער האט די תורה ניט גע־לערנט, ענטפערט ער: „איך בין געווען ארים און האב אימער געזוכט צו פערדיענען אויף ברויט”. זאגט מען צו איהם: ביסטו דען געווען א גרעסערער ארימאן פון הלל'ן?”

מען דערצעהלט פון הלל הזקן, אז יעדען טאג פלעגט ער ארויסגעהן ארבייטען און פלעגט פערדיענען א האלבען גולדען. פלעגט ער א העלפט פון זיין פערדיענסט אוועקגעבען דעם שומר פון בית המדרש, און די אנדערע העלפט האט ער געהאלטען פאר זיך און פאר זיין ווייב און קינדער אויף פרנסה.

איינמאל האט זיך געמאכט, אז ער האט גאר ניט פערדיענט, האט איהם דער שומר פון בית המדרש ניט ארייננעלאזען. איז הלל ארויף אויפ'ן דאך, און האט זיך אנגעהאלטען ביים דאך־פענסטער'ל, כדי ער זאל הערען די ווערטער פון תורה, פון מויל פון שמעיה און אבטליון. דאס איז גראדע געווען א ווינטערדי־גער פרייטאג צו נאכטס. די גאנצע נאכט איז א שנעע געפאלען, ביז הלל איז אינגאנצען פערדעקט געווארען מיט דעם שנעע, אזוי איז הלל געלעגען א גאנצע נאכט. ווען עס איז געווארען טאג, האט שמעיה געזאגט צו אבטליון: „ברודער! אלע טאג איז אין דיעזע צייט שוין ליכטיג און היינט איז פינסטער. איז היינט אזוי וואלקענדיג?”

האבען זיי זיך גענומען איינקוקען אין דעם פענסטער, וואס אויפ'ן דאך, האבען זיי דערזעהן א געשטאלט פון א מענשען. זיי־נען זיי ארויף אויפ'ן דאך, האבען זיי איהם געפונען אונטער'ן שנעע, וואס איז געווען דריי איילען הויך. האבען זיי איהם ארונטערגעטראגען, איהם ארומגעוואשען, איהם אויסגעזאלבט

מיט אויל, און איהם געזעצט געגען פייער און האָבען געזאגט:
„צוליעב איהם מעגען מיר מחלל שבת זיין".

ווען מען פרעגט דעם רייכען, פארוואס ער האָט ניט געלערנט די תורה? ענטפערט ער, אז ער איז געווען זעהר רייך, און איז אימער געווען פערנומען מיט זיינע געשעפטען. זאגט מען צו איהם: „ביסטו דען געווען רייכער פון רבי אלעזר בן חרסום?"

מען דערצעהלט פון רבי אלעזר בן חרסום, אז זיין פאטער האָט איהם איבערגעלאזען טויזענד שטעדט אויפ'ן לאנד און טויזענד שיפען אויפ'ן ים. יעדען טאָג פלעגט רבי אלעזר מיטנעמען זיינע נויטיגסטע זאכען און איז געגאנגען פון שטאָדט צו שטאָדט און פון איין מדינה צו דער אנדערער און לערנען תורה.

איינמאָל האָבען זיינע קנעכט איהם געפונען, האָבען זיי איהם דערקענט, האָבען זיי איהם געוואלט צוואונגען, אז ער זאל ארבייטען.

האָט ער צו זיי געזאגט: „איך בעהט אייך, לאזט מיך, איך מוז געהן לערנען די תורה".

האָבען זיי געזאגט: „מיר שווערען ביים לעבען פון אונזער האר אלעזר בן חרסום, אז מיר וועלען דיך ניט אפלאָזען". האָט ער זיך ביי זיי אויסגעקויפט פאר א סך געלד, זיי זאלען איהם לאָזען פריי. און קיינמאָל האָט ער זיינע קנעכט ניט געזעהן, נור ער איז געזעסען אין בית המדרש און געלערנט תורה אימער.

ווי מיר זעהען, איז הלל א באשולדיגונג געגען די ארימע, רבי אלעזר בן חרסום איז א בעשולדיגונג געגען די רייכע, און יוסף הצדיק איז א בעשולדיגונג געגען די רשעים. (יומא לה, ב.).

רב המנונא האָט געזאגט:

„דער ערשטער משפט אויף יענער וועלט איז וועגען לערנען תורה". (סנהדרין ז, א.).

# א ברכה.

רב נחמן און רב יצחק זענען געזעסען צוזאמען און געגעסען. ווען רב נחמן האָט געהאלטען ביים אוועקגעהן, האָט רב יצחק צו איהם געזאגט: „רבי, בענש מיך”. האָט רב נחמן איהם געענטפערט: „איך וועל דיר געבען א משל: א מענש איז געגאנגען אין דער מדבר, ער איז געווען הונגעריג, מיעד און דאָרשטיג, האָט ער געפונען אַ בוים מיט זיסע פרוכטען, וועלכער האָט אויך געהאט א שעהנעם שאָטען, און א שטראם וואסער איז געלאפען אונטער איהם. האָט דער מענש געגעסען פון זיינע פרוכטען, געטרונקען פון זיינע וואסער, און אין זיין שאָטען זיך אויסגערוהט. ווען ער האָט שוין געוואָלט אוועקגעהן, האָט ער אזוי געזאגט: „בוים, בוים, מיט וואס זאל איך דיך בענשען? זאל איך זאגען, אז דיינע פרוכט זאלען זיין זיס, זיינען זיי דאך זיס. אז דו זאלסט האָבען א שעהנעם שאטען, האָסטו דאך א שעהנעם שאטען. אז א שטראם וואסער זאל לויפען אונטער דיר, לויפט דאך א שטראם וואסער אונטער דיר. נור איך וועל דיר ווינשען, אז אלע דיינע פלאַנצונגען, וואָס מען וועט פון דיר פלאנצען, זאלען זיין אזוי ווי דו. און דאס זעלבע איז אויך מיט דיר. מיט וואס זאל איך דיך בענשען, מיט תורה? האָסטו דאך תורה. מיט כבוד? האָסטו דאך כבוד. מיט רייכטום? ביסטו דאך רייך. מיט קינדער? האָסטו דאך קינדער. אבער דאס איינע ווינש איך דיר, אז אלע דיינע קינדער זאלען זיין ווי דו. (תענית ה, א).

# גוטע אויפפיהרונג שאפט כבוד.

עקביא בן מהללאל האָט פיער דינים געזאגט אנדערש ווי די חכמים. האָבען די חכמים צו איהם געזאגט: „עקביא, נעם צו־ריק דיין פסק וועגען די פיער דינים, וועלען מיר דיך מאכען פאר דעם פאטער פון יודישען געריכט".

האָט ער זיי געענטפערט: „בעסער זאל מען מיך רופען „נאַר" מיין גאנצען לעבען, איידער ווערען איין שעה א רשע פאַר גאָט, און זאלען מענשען ניט זאגען, אז איך האָב מיין מיי־נונג געענדערט צוליעב כבוד".

ווען ער האָט געהאלטען ביים שטארבען, האָט ער געזאגט צו זיין זוהן: „מיין זוהן! דו זאלסט ניט זיך האַלטען ביי מיין מיינונג, נור דו זאלסט טהון אזוי ווי די חכמים".

האָט זיין זוהן צו איהם געזאגט: „פאַטער, אויך דו נעם צוריק דיין פסק וועגען די פיער דינים".

האָט ער איהם געענטפערט:

„מיין זוהן! איך האָב געלערנט פון א רבים, און זיי האָבען זייער דין געלערנט פון א רבים, האָב איך זיך געהאלטען ביי דער מיינונג פון א רבים, און זיי האָבען זיך געהאלטען ביי דער מיי־נונג פון א רבים. אבער דו האָסט דאָך געהערט פון א יחיד און א רבים, זאלסטו בעסער טהאָן ווי דער רבים".

האָט דער זוהן געזאגט: „פאטער! זאג דיינע חברים, אז זיי זאָלען מיך רעספעקטירען".

„איך וועל זיי דאס ניט זאגען", האָט דער פאטער געענט־פערט.

„האָסטו פיליכט געזעהן, אז איך האָב שלעכטעס געטהאָן?" האָט דער זוהן געפרעגט. „ניין!" האָט דער פאטער געענטפערט. דיין גוטע אויפפיהרונג וועט דיך מאכען בעליעבט און נאָהענט, און דיינע שלעכטע מעשים וועלען דיך דערווייטערן..." (עדיות פרק ו).

# יראת שמים און ארבייט.

ר' חייא בר אמי האָט געזאָגט אין נאָמען פון עולא: דער וואס געניסט פון די ארבייט פון זיינע הענד, איז גרעסער פון א ירא שמים. ווייל אויף א ירא שמים איז געשריעבען (תהלים ק, ב.): „וואויל איז דעם מענש, וואס האָט מורא פאר גאָט".

אבער אויף דעם, וואס געניסט די ארבייט פון זיינע הענד, איז געשריעבען (דאָרט): „די ארבייט פון דיינע הענד אז דו וועסט עסען, איז דיר וואויל און גוט". וואויל אויף די וועלט, און גוט אויף יענע וועלט. (ברכות ח, א.).

# יסורים.

ר׳ אלעזר איז קראנק געווארען, איז רבי יוחנן צו איהם אריינגעקומען, האָט ער געזעהן, אז דער קראנקער ליעגט אין דער פינסטער.

רבי יוחנן, וועלכער איז געווען שעהן, האָט אבגעדעקט זיין ארם, און עס איז ליכטיג געוואָרען. האָט ער געזעהן, אז רבי אלעזר וויינט, האָט ער איהם געפרעגט: „זאג מיר, וואס וויינסטו? וויינסטו צוליעב דעם, וואָס דו האָסט ניט זעהר פיעל תורה געלערנט, האָבען מיר דאָך געלערנט, „דער וואָס לערנט פיעל און דער וואָס לערנט ווייניג זענען גלייך, אויב נור זייער הארץ איז געווען צו גאָט".

וויינסטו צוליעב פרנסה? ווייסטו דאך, אז ניט יעדער מענש קען זוכה זיין צו חכמה און רייכטום. וויינסטו צוליעב די צרות פון דיינע קינדער? זעה, דאָ טראָג איך א ביין פון מיין צעהנטען זוהן, וואס איך האָב שוין בעגראבען".

האָט רבי אלעזר געענטפערט: „איך ויין וועגען דעם, וואס אזא שענהייט וועט אמאָל שטארבען און פוילען אין דער ערד".

„אויף דעם איז טאקי דאָ צו וויינען", האָט ר׳ יוחנן געענטפערט, און ביידע האָבען געוויינט.

א ווייל שפעטער האָט רבי יוחנן געפרעגט רבי אלעזר׳ן: „זענען דיר ליעב דיינע יסורים?"

„איך וויל ניט די יסורים און ניט די בעלאהנונג פאר זיי", האָט רבי אלעזר געענטפערט.

„גיב מיר דיין האנד", האָט רבי יוחנן געזאגט.

רבי אלעזר האָט איהם זיין האנד געגעבען, האָט רבי יוחנן איהם אויפגעשטעלט און ער איז געזונד געווארען. (ברכות ה, ב.).

רבי שמעון בן לקיש האָט געזאגט: דער מענש, וואס לערנט די תורה, דער איז ווייט פון צו האָבען יסורים. האָט רבי

יוחנן צו איהם געזאגט: „דאס ווייסען זאַגאר די קינדער פון חדר, ווייל אזוי שטעהט אין דער תורה געשריעבען (שמות טו), אבער דער מענש, וועלכער האָט די מעגליכקייט צו לערנען די תורה און לערנט ניט, ברענגט גאָט אויף איהם יסורים, אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען (תהלים לט): נאלמתי דומיה החשתי מטום וכאבי נעכר. (ברכות ה, א.).

רבא אדער רב חסדא האָט געזאגט: „ווען דער מענש זעהט, אז יסורים קומען אויף איהם, זאל ער נאָכדענקען פילייכט האָט ער שלעכטס געטהאָן, אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען (איכה ג): נחפשה דרכינו ונחקורה ונשובה עד ה' (זאלען מיר אונטערזוכען אונזערע וועגען און אויספארשען און צוריקקעהרען צו גאָט), און אויב ער האָט ניט אויסגעפונען, איז דאס זיכער, אז די יסורים זענען איבער די זינד פון ניט לערנען די תורה.

אבער ווען ער האָט יא געלערנט תורה, זאל ער וויסען, אז דאָס זענען „יסורים פון ליעבע", אזוי ווי עס שטעהט געשריעבען (משלי ג): „את אשר יאהב ה' יוכיח (דעם, וועלכען גאָט ליעבט שטראפט ער). (ברכות ה, א.).

# לעבען און טויט.

צוויי און א האלב יאָהר האָבען די תלמידים פון שמאי (בית שמאי) און די תלמידים פון הלל (בית הלל) דיסקוטירט איבער דיעזע פראגע: די ערשטע האָבען געזאגט, אז ס'וואָלט בעסער געווען פאר דעם מענשען, אז ער זאל ניט בעשאפען ווע־רען; און די לעצטע האָבען געזאגט, אז ס'איז בעסער פאר דעם מענשען, אז ער איז בעשאפען געווארען; ביז זיי זענען געקומען צום בעשלוס, אז ס'וואלט בעסער געווען פאר דעם מענשען, אז ער וואָלט ניט געווארען בעשאפען. און יעצט, אז ער איז בעשא־פען געווארען, זאל ער היטען צו פיהרען אן עהרענהאפטעס לעבען. (ערובין יג, ב.).

ווען רבי יוחנן האָט געענדיגט דעם ספר פון איוב, האָט ער אזוי געזאגט:

די ענדע פון מענשען איז צו שטארבען, און פון א בהמה — שחיטה. דער טויט איז די ענדע פון אלעס. אבער וואויל איז דעם מענשען, וואס האָט געלערנט די תורה, מיט דעם מאכט ער א פערגעניעגען דעם בעשעפער, און האָט א גוטען נאָמען, און לאזט איבער א גוטען נאָמען, און וועגען איהם האָט דער קלוגסטער קעניג שלמה געזאגט (קהלת ז, א): „א גוטער נאָמען איז בע־סער פון גוטען אויל, און דער טאָג פון שטארבען איז בעסער ווי דער טאָג פון געבוירען". (ברכות יז, א.).

רב אמי האָט געזאגט: „דער טויט קומט נור ווען דער מענש זינדיגט, און יסורים קומען אויך פאר דעם מענשענ'ס זינד".

„ניטא קיין טויט אָהן א זינד", אזוי ווי עס איז געשריעבען (יחזקאל לח): „הנפש החוטאת היא תמות" (די זעעלע, וואס זינדיגט, וועט שטארבען). „ניטא קיין יסורים אָהן א זינד", אזוי ווי עס איז געשריעבען (תהלים פט): ופקדתי כשבט פשעם

ובנגעים עונם (און איך וועל געדענקען מיט רוט זייערע זינד און מיט פּלאג זייערע זינד). (שבת נה, א.).

די מלאכים האָבען געזאגט פאר הקדוש ברוך הוא: „רבונו של עולם! פאר וואס האָסטו פאראורטיילט אדם הראשון צו שטארבען" האָט דער אייבערשטער זיי געענטפערט: „א לייכטע מצוה האָב איך איהם געהייסען, אז ער זאל דאס היטען, און ער האָט דאס ניט געטאָהן".

האָבען די מלאכים איהם געפרעגט: „משה און אהרן האָבען די גאנצע תורה געלערנט און געטהאָן אלע מצוות, פאר וואס זענען זיי געשטאָרבען?"

האָט דער אייבערשטער זיי געענטפערט: „איין שיקזאל טרעפט דעם צדיק און דעם רשע דער גורל פון גוטען איז דער זעלבער ווי דעם שלעכטענ׳ס". (שבת נה, א.).

# די וועגען פון לעבען.

ווען רבי אליעזר איז קראנק געוואָרען, זענען זיינע תלמידים געקומען איהם מקרב חולה זיין.

ביים אוועקגעהן, האָבען די תלמידים געזאָגט: „רבי, לערן אונז די וועגען פון לעבען".

האָט רבי אליעזר געזאָגט: „האַלט טייער דעם כבוד פון אייערע חברים; דערלאָזט ניט אייערע קינדער צו צופיעל אויפקלערונג; און ברענגט זיי אין געזעלשאפט פון תלמידי חכמים; און ווען איהר דאַווענט, זאָלט איהר אימער אין זינען האָבען, אז איהר שטעהט פאר גאָט, און דערפאר וועט איהר זוכה זיין צו עולם הבא". (ברכות כח, ב.)

ווען רבי יוחנן בן זכאי איז קראנק געוואָרען, זענען זיינע תלמידים געקומען איהם מבקר חולה זיין. ווען ער האָט זיי דערזעהן, האָט ער אָנגעהויבען וויינען. האָבען די תלמידים איהם געפרעגט:

„רבי! דו ליכט פון ישראל, מעכטיגער זייל, שטאַרקער האמער! פאר וואָס וויינסטו?"

האָט רבי יוחנן געענטפערט: „ווען מען וואָלט מיך געפיהרט פאר א מלך, א בשר ודם, וואָס היינט לעבט ער און מאָרגען איז ער אין קבר, וואָס אויב ער איז אין כעס, איז דאָך זיין כעס ניט קיין אייביגקייט, אויב ער וועט מיך וועלען שטראָפען אָדער טויטען, איז דאָך דאָס נור אויף דיזע וועלט, און דאָך וואָלט איך געוויינט. און יעצט אז מען פיהרט מיך פאר דעם מלך, מלכי המלכים, וואָס ער לעבט אייביג, און זיין כעס קען דויערען אייביג, און זיין שטראָף איז א אייביגע, און זיין טויט קען זיין א אייביגער, און איך קען איהם ניט איבערבעטען בלויז מיט רייד, אָדער איבערקויפען מיט געלד,

און פאר מיר איז יעצט דאָ צוויי וועגען, און אין וועלכען וועט מען מיך פיהרען — ווייס איך ניט, היינט ווי זאָל איך ניט וויינען?"

אביסעל שפּעטער האָבען זיינע תלמידים צו איהם געזאָגט: רבי, בענש אונז!" האָט ער זיי מיט דיעזע ברכה געבענשט: „איך ווינש אייך אַז איהר זאָלט מורא האָבען פאר גאָט, אזוי פיעל ווי איהר האָט מורא פאר מענשען". (ברכות כח, ב.)

# די פליכט פון יחיד צו זיינע מיטמענשען.

רבי יוחנן האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי:

„בעסער זאָל אַ מענש זיך לאָזען פערברענען, איידער פערשעהמען אַ מענשען אין דער עפענטליכקייט". (בבא מציעא נט, א.)

דער וואָס ערהאַלט ביים לעבען איין נפש פון ישראל, איז אזוי ווי ער וואָלט אַלע מענשען פון דער וועלט ביים לעבען ערהאַלטען, אָבער דער וואָס פאַראורזאַכט אַז איין נפש פון ישראל זאָל פון דער וועלט אַוועק, איז אזוי ווי ער וואָלט אַ גאַנצע וועלט אומגעבראַכט. (סנהדרין לז, א.)

גאָט האָט נור איין אדם הראשון בעשאַפען, צוליעב דעם שלום פון די מענשהייט, כדי קיין מענש זאָל ניט זאָגען צום צווייטען: „מיין פאָטער איז גרעסער ווי דיינער". (דאָרט).

דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען נור איינער, כדי די מענשען זאָלען וויסען די מאַכט פון גאָט; ווען אַ מענש מאַכט מיט אַ זיעגעל אַ סך מטבעות, זענען אַלע גלייך, אָבער גאָט האָט אַלע מענשען בעשאַפען אין געשטאַלט פון אדם הראשון, אָבער זיי זענען דאָך אַנדערש איינער פון צווייטען, דערפאַר דאַרף יעדער איינער זאָגען: „צוליעב מיר איז די וועלט געוואָרען בעשאַפען". (דאָרט).

אימער זאָלסטו זיין דער ערשטער צו בעגריעסען דיין חבר. (ברכות ו, ב.)

פאַר די חכמים איז פאָרגעבראַכט געוואָרען דיעזע פראַגע: ווען צוויי מענשען געהען אין וועג, דאָס איז אין אַ וויסטע מדבר, ווייט פון אַ ישוב, און איינער פון זיי האָט איין קריגעל וואַסער. אָבער דאָס וואַסער איז קוים גענוג צו דערהאַלטען דאָס לעבען פון איין מענשען, און ווען ביידע וועלען טרינקען

וועלעןביידע שטאַרבען נאָך איידער זיי וועלען קומען צו א ישוב, און אויב נור איינער פון זיי וועט טרינקען, וועט ער קענען דערהאַלטען זיין לעבען ביז ער וועט קומען צו א ישוב, וואָס זאָלען זיי טהאָן?

בן פטירא האָט געלערנט: „בעסער זאָלען ביידע טרינקען און צוזאמען שטאַרבען, איידער איינער זאָל צוזעהן דעם טויט פון זיין חבר".

רבי עקיבא האָט געזאָגט: „עס איז געשריעבען (ויקרא כה): „און דיין ברודער זאָל לעבען מיט דיר". דאָס מיינט אז דיין לעבען איז דאָס ערשטע און דערנאָך דיין חבר'ס. (בבא מציעא סב, א).

ווער עס בעליידיגט א צווייטען מענשען, זאָגאר ווען בלויז מיט ווערטער, דאַרף ער איהם אויך בעטען ענטשולדיגונג. (יומא פז, א.)

רב נחמן בר יצחק האָט געזאָגט:

דער וואָס פערשעהמט א מענשען אין דער עפענטליכקייט, איז אזוי ווי ער פאַרגיעסט מענשענ'ס בלוט. (בבא מציעא נח, א.)

די זינד פון אָבנאַרען מענשען מיט ווערטער, איז גרעסער ווי אָבנאַרען מיט געלד. (בבא מציעא נח, א.)

רבי יוחנן האָט געזאָגט אין נאָמען פון רבי שמעון בן יוחאי:

„ס'איז געשריעבען (ישעיה סא, ח): „ווייל איך בין גאָט וואָס ליעב גערעכטיגקייט און האַס א קרבן פון גזלה". דאָס איז עהנליך צו דיעזען משל: א קעניג איז איינמאָל פאַרבייגעפאָהרען א צינזען הויז, האָט ער געזאָגט צו זיינע דיענער, „בעצאָהלט צינזען צו די צאָהל בעאמטע". האָבען זיינע דיענער געזאָגט צו איהם: „אלע צינזען זענען דאָך דיינע". האָט דער קעניג געענטפערט: איך וויל ציינען א ביישפיעל פאר אלע בירגער, אז זיי זאָלען צאָהלען די צינזען".

אזוי האָט אויך גאָט געזאָגט, „איך ליעב גערעכטיגקייט און עהרליכקייט, און אזוי זאָלען אויך מיינע קינדער זיין". (סוכה ל, א).

רבי יהודה זאָגט:

„קיין מענש טאָר ניט געהן צו די סוחרים צו זעהן זייערע וואארע, ווען ער האָט קיין געלד ניט צו קויפען". (בבא מציעא נח, א.)

ר' שמואל בר נחמני זאָגט:

דער וואָס האָט א מענשען מיט געלד אָבגענארט, קען תשובה טהאָן ווען ער גיט איהם זיין געלד צוריק, אָבער דער וואָס האָט איהם מיט ווערטער אָבגענאַרט, קען קיין מאָל קיין תשובה ניט טהאָן. (בבא מציעא, נח, א.)

דער וואָס ענטפערט ניט ווען זיין חבר בעגריסט איהם, ווערט גערופען גזלן. (ברכות ו, ב.)

# די פליכט פון יחיד צום לאנד און רעגיערונג.

פאר וואָס זענען די מענשען פערגלייכט געוואָרען צו די פיש פון ים? (זעה חבקון א, יד), ווייל אזוי ווי די פיש פון ים שלינגען איין, דער גרעסערער דעם קלענערן, אזוי אויך די מענשען ווען נישט די מורא פאר די רעגירונג, וואָלט דער שטארקערער דעם שוואכערען איינגעשלונגען.

און אזוי פלעגט זאָגען רבי חנינא סגן הכהנים:

„בעט פאר דעם וואויל־זיין פון דער רעגיערונג, ווייל ווען נים די מורא פאר איהר, וואָלטען די מענשען איינע די אנדערע לעבעדיגע איינגעשלונגען. (עובדה זרה ד, א.)

# וועגען הייראטה.

ר' תנחום האָט געזאָגט:
דער וועלכער איז אונפערהייראטה, לעבט אָהן פרייד, אָהן גוטס, אָהן גליק, און אָהן שלום. (יבמות סב, ב.)
די רבנן האָבען געזאָגט:
דער וואָס ליעבט זיין פרוי אזוי ווי זיך אליין, און עהרט איהר מעהר ווי זיך, און לערנט זיינע קינדער צו געהן אין גוטען וועג, און מאַכט זיי הייראַטהען ווען זיי זענען נאָך יונג, אויף איהם איז געשריעבען (איוב ה, כד): און דו וועסט וויסען אז אין דיין געצעלט וועט זיין שלום". (דאָרט).

# שווייגען.

אויב ריידען איז ווערט איין סלע, איז שווייגען ווערט צוויי. (מגילה יח, א.)

אויב שווייגען איז גוט פאר די קלוגע, מיט וויפיעל בעסער איז דאָס פאר דעם נאַר? (פסחים צח, ב.)

רבי שמעון בן גמליאל זאָגט:

„אלע יאָהרען פון מיין לעבען האָב איך צווישען חכמים געלעבט, און פון אלע גוטע זאכען פאר דעם מענשען האָב איך ניט געפונען בעסערס ווי דאָס שווייגען". (אבות פרק א.)

דאָס בעסטע היילמיטעל פאר אלע זינד און שלעכטס, איז — שווייגען. (מגילה יח, א.)

שווייגען איז אזוי גוט ווי מודה זיין. (יבמות פז, א.)

# קלוגע ווערטער פון תלמוד.

זאָג ווייניג און טהו פיעל.

לערן דיין צונג זאגען: „איך ווייס ניט".

איין ליכט לייכט פאר הונדערט מענשען, אזוי ווי פאר איינעם.

אויב צעהן ליכט האָבען ניט געקענט אויסלעשען איינס, ווי אזוי וועט איינס אויסלעשען צעהן

אלע פעהלערן זעהט דער מענש, אבער ניט זיינע.

דעם אייזעל איז קאַלט זאָגאַר אין חדש תמוז.

אמת עקזיסטירט אייביג, אָבער פאלשקייט מוז פארשווינדען.

ווען דאס פערד ווערט מיט פלייש געפיטערט, דאן ווערט עס ווידערשפעניג.

בעסער איין זאַך, וואָס איז געוואָרען ערוואָרבען מיט שווע־רינקייט, ווי הונדערט וועלכע דער מענש ערווערבט זיך לייכט.

די שטראף פון ליגנער איז, אז מען גלויבט איהם ניט זאגאר ווען ער זאגט דעם אמת.

וועה צו די קינדער, וואס זענען פערטריעבען פון זייער פא־טער׳ס טיש.

איין האַנד מיט שפייז קען ניט זאַט מאַכען דעם לייב, און דער גרוב קען ניט פול ווערען פון זיין אייגענער ערד.

דער קעמעל האָט פערלאנגט הערנער, האָט מען איהם זיינע אויערן אויך אבגעשניטען.

די וועלט איז ווי א חתונה.

ווען דער פוקס איז א קעניג, בוקט זיך דער לייב צו איהם.

די רויז וואקסט צווישען דערנער.

טוביה האָט געזינדיגט, און די שטראף בעקומט זיין חבר.

ווען א ווארט איז ווערטה איין סלע, איז שווייגען ווערטה צוויי.

ניט דאס אָרט ניט מיר כבוד, איך פארשאף מיין אָרט כבוד.

בעסער א נבלה אין מארק אבשינדען פאר געלד, און ניט אנקומען צו צדקה.

דאס, וואס איז פאר דיין חבר בעשטימט, וועט קיינמאָל ניט זיין דיינס.

די ווענט פון דיין הויז זאגען וואס דו ביסט.

אויב די סחורה קען ניט פערקויפט ווערען אין דיעזע שטאָדט, גיה צו אן אנדערער.

שטראף זיך אליין צוערשט, שפעטער ווערסטו קענען אנדערע שטראפען.

דער מענש דערזעהט א קליין שפענדיל אין זיין חבר'ס אויגען, אָבער ניט אין זיינע אייגענע.

ביים טויער פון רייכטהום שטעהן פיעל פריינד, ביים טויער פון אָרימקייט — קיינער.

ווער עס לערנט ניט זיין זוהן א פראָפעסיאָן, איז ווי ער וואָלט איהם געלערנט גנב'נען.

גלויב ניט אין זיך ביז דיין לעצטען טאָג.

ביים אויסוועהלען דיין ווייב, שטייג איין טרעפ ארונטער, ביים אויסוועהלען א פריינד, שטייג איין טרעפ העכער.

אכטעט די קינדער פון די אָרימע, ווייל פון זיי קומען ארויס די גרעסטע געלעהרטע.

דער וואָס איז געליעבט פון מענשען איז געליעבט פון גאָט.

בעסער זאָלסטו זיין דער קלענסטער צווישען לייבען אלס דער גרעסטער צווישען פוקסען.

יעדער מענש מוז אמאָל זיין גליקליכע שעה האָבען.

דער טאָג איז קורץ, די ארבייט פיעל, און די ארבייטער פויל.

וועה צו די וועלט וואָס האָט איהר פיהרער פערלאָרען, וועה צו די שיף וואָס האָט איהר קאפיטאַן פערלאָרען.

ווען דער מענש טהוט א זינד צוויי מאָל, דוכט זיך איהם, אז ס'איז גאָר ניט קיין פערברעכען.

צוויי קופערנע מטבעות אין א בייטעל, קלינגט מעהר ווי ווען דאָס איז פול מיט געלד.

# א רעדע פאר א בר מצוה.

## פון אברהם מ. סאבאטה.

די גמרא זאגט אין ברכות דף ו׳ „אמר רב אבין בר רב אדא אמר רב יצחק" — רב אבין בר רב אדא האט געזאגט אין נאמען פון רב יצחק: מנין שהקדוש ברוך הוא מניח תפילין? — וואו האבען מיר געלערנט אז דער אייבערשטער לייגט תפילין? שנאמר — עס שטעהט געשריעבען (ישעיה סב): נשבע ה׳ בימינו ובזרוע עזו" — גאט האט געשוואוירען ביי זיין רעכטע האנד און ביי זיין שטארקען ארם, „בימינו" דאס מיינט די תורה, אזוי ווי עס איז געשריעבען „מימינו אש דת למו" — פון זיין רעכטע האנד א פייערדיגע תורה צו זיי, „ובזרוע עזו" — דאס מיינט די תפילין — אזוי ווי עס איז געשריעבען „ה׳ עוז לעמו יתן", גאט, שטארקייט צו זיין פאלק וועט געבען.

„ומנין שהתפילין עוז הן לישראל?" און פון וואנען ווייס איך אז די תפילין זענען א שטארקייט צו די אידען? עס איז געשריעבען: „וראו כל עמי הארץ כי שם ה׳ נקרא עליך", און אלע פעלקער פון דער וועלט וועלען זעהן אז דער נאמען פון גאט איז גערופען אויף דיר, „ויראו ממך", וועלען זיי מורא האבען פאר דיר.

ותניא, און אין א ברייתא האבען מיר געלערנט. רבי אליעזר הגדול אומר: — רבי אליעזר הגדול זאגט: „אלו תפילין שבראש", — דאס מיינט תפילין של ראש.

אמר רב נחמן בר יצחק לרבי חייא בר אבין, „הני תפילין דמרי עלמא מה כתיב בהו?" רב נחמן בר יצחק האט גע־פרעגט רב חייא בר אבין: „וואס איז געשריעבען אין די תפילין פון דעם האר פון דער וועלט?"

האָט ער איהם געענטפערט: אין זיי איז געשריעבען: „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ" — „גאָט, ווער איז ווי דיין פאָלק ישראל, איין פאָלק אויף דער וועלט".

אום צו פארשטעהן דיעזען מאמר פון דער גמרא, מוז מען וויסען די דינים פון תפילין. ווען מען טהוט אָן די תפילין דאַרף מען אימער איןזינעןהאָבעןוואָס אין די תפילין שטעהט געשריעבען: „שמע ישראל" און „ואהבת את ה' אלהיך", „דו זאָלסט ליעב האָבען דיין גאָט מיט דיין גאַנצען הארצען, מיט דיין גאַנצער זעעלע און מיט דיין גאַנצען פאַרמעגען". און אז דאָס אידישע פאָלק איז פון גאָט אויסגעוועהלט, צו ערקלע־רען די גאָטהייט פאַר דער וועלט. און דאַריבער הייסען די תפילין „פאר", דאָס מיינט — גלאָרי, ווייל זיי זענען די רוּם פון גאָט.

און עס איז פאַראַן אַ פסוק אין שיר השירים: „אני לדודי ודודי לי". איך בין צו מיין פריינד, דאָס מיינט צו גאָט, און מיין פריינד, גאָט, איז צו מיר". אז אזוי ווי די אידען האָבען אנערקענט גאָט, אַזוי האָט אויך גאָט אויסגעוועהלט דאָס יודי־שע פאָלק. און דאָס פרעגט די גמרא: „מנין שהקב"ה מניח תפילין?" פון וואַנען ווייסען מיר אַז אזוי ווי די יודען האָבען אנערקענט און פערשפּרייטען גאָט'ס רוהם, וואָס די תפילין זענען אַ צייכען אויף דעם, פון וואַנען ווייסען מיר אַז אויך גאָט האָט די יודען אויסגעוועהלט פאַר זיין פאָלק, „און הני תפילין דמרי עלמא מה כתוב בהו?" וואו שטעהט דאָס אַ פסוק אויף דעם? האָט ער איהם געענטפערט: עס איז גע־שריעבען: „ומי כעמך ישראל גוי אחד בארץ", — גאָט, ווער איז ווי דיין פאָלק ישראל, איין פאָלק אויף דער וועלט.

און וואָס איז דאָס גרויסקייט פון ישראל? די גמרא דער־צעהלט אונז: מעשה „במנבז המלך שבזבז אוצרותיו בשני בצורת" מנבז, איינער פון די אראַבישע קעניגען האָט זיך מגייר געווען, און בעגרייפענדיג דעם אמת'ן זין פון יודענטהום, האָט ער אלע זיינע אוצרות אָרימע מענשען צוטיילט. דאן

זענען צו איהם געקומען זיינע פריינד, ברידער און קרובים און האָבען איהם „מוסר" געזאָגט: דיינע עלטערען האָבען אוצרות געזאַמעלט און דו צושליידערסט זיי? האָט ער זיי געענט־פערט: מיינע עלטערען האָבען אוצרות אויף דער ערד גע־זאַמעלט, אָבער איך זאַמעל אוצרות אין די הויכע און ווייטע וועלטען, מיינע עלטערען האָבען געזאַמעלט אוצרות־געלד, אָבער איך זאַמעל אוצרות-נשמות.

מיינע עלטערן האָבען בעהאַלטען דאָרט וואו מענשליכע הענד, הענד פון פיינד קענען דאָס אוועקנעמען, אָבער איך האָב בעהאַלטען דאָרט וואו קיין האַנד קען דאָס ניט אוועקנע־מען. אזוי קען אויף זיך דאָס גאַנצע יודישע פאָלק זאָגען, אנדערע פעלקער האָבען געזאַמעלט אוצרות פון מאַכט און רייכ־טהום אויף דער ערד, אָבער מיר האָבען געזאַמעלט אוצרות פון גייסט, מיר האָבען געשאַפען דאָס בעסטע און ערהאַבענסטע, דעם העכסטען און שענסטען מענשליכסטען אידעאַל: גאולה פאַר גאַר דער וועלט!

און דערפאַר איז דאָס יודענטהום אַ נצחי — אַ אייביג־קייט, ווייל יהדות איז דער אמת, ריינער און מענשליכער גע-דאַנק, און דער אמת, ריינער מענשליכער געדאַנק, איז אונ־שטערבליך.

און מיט דעם וועט זיין פערשטענדליך די פרשה פון קרח. „ויקח קרח" פרעגען אַלע פאַר וואָס שטעהט „ויקח" וואָס האָט ער גענומען? נאָך איז שווער, משה רבינו האָט דאָך אי־מער געבעטען גאָט, אַז ער זאָל זיי מוחל זיין, ווען די יודען האָבען געזינדיגט ביי די זינד פון עגל און מרגלים, און גאָט האָט זיי מוחל געווען. פאַר וואָס האָט ער ניט געבעטען גאָט אויך ביי די זינד פון קרח, נאָכמעהר, ער האָט נאָך אַליין זיי בעשראָפט מיט דער שווערסטער שטראָף?

נור אין פרק שטעהט אַז „יערע מחלוקה וואָס איז לשם שמים אזוי ווי די פון הלל און שמאי האָט אַ קיום", ווייל אַלעס וואָס איז אין גייסט פון יהדות האָט אַ סיום.

„אָבער די מחלוקה וואָס איז ניט לשם שמים, אזוי ווי די פון קרח מיט זיין עדה, האָט ניט קיין קיום", ווייל קרח האָט זיך אָבגעטיילט פון יודען און יהדות, דערפאַר האָט משה געזאָגט אַז זיי מוזען פערלאָרען געהן און קענען ניט מעהר עקזיסטירען, אָבער ביי אהרן'ען שטעהט: „והיה האיש אשר אבחר בו מטהו יפרח" — דעם מענשען וואָס איך וועל אויסוועהלען וועט זיין מטה בליהען, אימער וועט ער בליהען און לעבען.

היינט אין טאָג פון מיין בר מצוה בין איך מקבל אויף זיך צו טראָגען און געטריי זיין דעם דגל היהדות.

פאַר די רוהם פון גאָט, פאַר די רוהם פון דער תורה, און פאַר די רוהם פון יודישען פאָלק.

---

ענדע פון ערשטען טהייל.